# אַבְּרַאַאם לִינְקָאלְן

## דֶער בֶּעפְרַייֶער פוּן דִי שְׁקְלַאוֶוען,

## זַיין לֶעבֶּען אוּנ גֶעזֶעלְשַׁאפְטְלִיכֶע אַרְבֵּייט.

א ביאָגראַפישעס בילד

פון אַ. קַאמֶענְסְקִי.

(אויס'ן רוססישען).



ווארשא. תרע.

**АВРААМЪ ЛИНКОЛЬНЪ**

Біографическій очеркъ

**А. Каменскаго.**

Переводъ съ русскаго.

Типо-Лит. Ф. Баумритера Варшава, Красинск. пл. 6 1910 г.

# ערשטעס קאַפּיטעל.

---

אַבראַאַם לינקאָלן, דער בעריהמטער פּרעזידענט פֿון די פֿעראייניגטע שטאַאַטען אין אַמעריקאַ, איז געבוירען אין יאָהר 1809 ביי אָרימע, אונגעבילדעטע עלטערן. זיין פֿאָטער טאָמאַס האָט געשטאַמט פֿון פּוריטאַנער (איין ענגלישע סעקטע), האָט זיך אין יאָהר 1806 בעזעצט אין שטאַאַט קענטוקי, אין דער צייט, ווען יענער געגענד איז נאָך אין גאַנצען אונבעוואוֹהנט געווען. אַ יאָהר דער נאָך איז ביי איהם אַ טאָכטער געבוירען געוואָרען, און אין צוויי יאָהר אַרום — אַ זוהן, ע ב, (פֿערקירצט פֿון אַבראַאַם), דער קינפֿטיגער, בעוואוסטער פּרעזידענט פֿון די פֿעראייניגטע שטאַאַטען — אַבראַאַם לינקאָלן.

אין יענע צייט האָבען אין אַמעריקאַ נאָך נישט עקזיסטערט די פֿאלקס־שולען, וואָס מען קאָן היינט דאָרט אין יעדען קליינען דאָרפֿעל געפֿינען, דערצו איז די פֿאַמיליע לינקאָלן געווען זייער אָר'ם און אונגעבילדעט, טאָמאַס האָט זאָגאַר לעזען און שרייבען נישט געקאָנט — עס פֿערשטעהט זיך אַלזאָ, ווי שווער עס איז אָנגעקוממען דעם קינד אַבראַאַם עפּיס בילדונג צו געבען. צום גליק אָבער האָט זיך נישט ווייט פֿון דעם אָרט, וואו די פֿאַמיליע לינקאָלן האָט געוואוהנט, א געוויסער זאַכאַריאַ ראַייני, אַ מענש מיט נישט קיין זעהר הויכע בילדונג, אַ קליינע שולע געאָפֿענט, און אַבראַאַם'ס עלטערן, האָטש זיי זענען אַליין אונגעבילדעט געווען, האָבען דאָך געוואָלט דאָס קינד פֿאַר לייט מאַכען, און האָבען איהם טאַקי אין דער

זעלבער שולע געשיקט. אַבראַאַם איז דעמאָלס 9 יאָהר אַלט געוועזען, אונ האָט שוין דעמאָלס אַ שאָדליכען פיינד פאַר זיין אָרענטליכקייט בעקוממען, וואָס האָט איהם געשטאָרט זיין אויס־בילדונג. די מעשה איז אַזוי געוועזען: נעבען דער פאַמיליע לינקאָלן האָט געוואוינט אַ רייכער פּלאַנטאַטאָר, מיט זעהר אַ שלעכטען כאַראַקטער; ביי דעם רייכען האָט געאַרבייט אַ שקלאַוו, אַ נאָגער, מיט וועלכען אַבראַאַם פלעגט זיך אָפט אָבגעבען, געהענדיג אין דער שולע דורך די פּלאַנטאַציען, וואו דער נאָגער האָט געאַרבייט. דעם רייכען האָט דאָס זעהר פערדראָסען אונ ער האָט זיך אין דעם קינד נוקם געווען דער מיט, וואָס ער האָט איהם פערווערט דורך צו געהען דורך זיינע פּלאַנטאַציען אין דער שולע אַריין. קיין אַנדער וועג איז נישט געוועזען, אונ אַבראַאַם האָט די ביזהעריגע שולע מעהר נישט געקאָנט בעזוכען. באין בְּרֵירָה, האָט די מוטטער איהם מיט זיין שוועסטער געשיקט אין איין אַנדער שולע, וואָס האָט זיך געפונען 12 וויאָרסט פון זיי. דער פערוואַלטער פון דער שול, קאַלעב גאַזעלי, איז נאָך וועהניגער געבילדעט געווען, ווי דער פערוואַלטער פון דער ערשטער שולע. נאָר אויך דאָ האָט אַבראַאַם נישט לאַנג געוויילט; דער רייכער שכן, אַז ער האָט געזעהען, אַז ער האָט מיט דעם קינד שוין גאָר נישט צו מאַכען האָט ער זיך אין טאָמאַס'ן נוקם געווען, געקוואָלט איהם, וואו נור ער האָט געקאָנט, אַזוי לאַנג, ביז טאָמאַס האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטען אונ האָט געמוזט זיין נחלה פער־קויפען (פאַר 20 פאָסלעך שפירט אונ 20 דאָלאַר באַר געלד) איין אַנדערען אונ אַבּרייזען!

אין הערבסט פון יאָהר 1816 האָט זיך די פאַמיליע איבער געצויגען אין דרום זייט פון שטאַט איִנדיאַני.

שווער איז געווען דאָס לעבען פון די ערשטע אַמעריקאַנישע איינוואָהנער „פּיאָנערען". אין וויטען מערב, דורך אוראַלטע, נישט אויסגעפּאָרשטע וואָלדער, האָט זיך געשלעפּט אַ קליינער קאַראַוואַן, אַ פאַמיליע מיט קינדער, מיט פיה אונ אַ ביסעל הויזגעשיר. דאָ האָט מען זיך צו אַ נייעם לעבען גענומען, דעם אוראַלטען

וואַלד געהאַקט, דער נאָך דעם באָדען געריינגט, ער זאָל טויגען אַלס צום בעאַרבייטען; דער נאָך ערשט האָבען זיך געוויזען די ערשטע געצעלטען, וואָס זענען געשטאַנען צערוואָרפֿען איינס פֿון אַנדערען. שווער און ביטער איז געווען די אונאויפֿהעריגע שווערע אַרבייט אין דער וויטען פֿון קרובים און בעקאַנטע אין אונאויפֿהעריג איז געווען דער קאַמפּף, וואָס די „פּיאָנערען" האָבען געקאָמפּפֿט מיט'ן הונגער, נויט און נאָך אַנדערע שטאָרונגען. באַלד נאָך טאָמאַס קומען קיין אינדיאַני האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט אַ „שאַלאַש". דאָס איז געווען אַ געצעלט, וואָס איז געווען מיט פֿלעקער צו געשלאָגען צו דער ערד, אָהן אַ פּאָדלאָגע, מיט 3 וואָנד — די פֿאָדערשטע איז אָפֿען געווען. אין דעם „אָפֿענעם געצעלט" האָט די פֿאַמיליע לינקאָלן אַגאַנץ יאָהר דורך געלעבט, ביז זיי האָבען זיך ערוואָרבען עטוואַס אַ זיכערען און פֿעסטערען געצעלט, וואָס האָט זיך גערופֿען „לאָג־הויז". נור אויך דער „לאָג־הויז", אָבוואָהל ער איז געווען וואַרמער און דויערהאַפֿטיגער פֿון ערשטען, איז פֿון דעסטוועגען נאָך ערגער געווען פֿון אָרימסטען שטיבעל אויפֿ'ן דאָרף. ער איז בעשטאַנען אין גאַנצען פֿון איין שטיבעל אָהן פּאָדלאָגע און פֿון אַ בוידעם. דאָס מעבעל איז בעשטאַנען פֿון עטליכע בענק און אַ בעט, צו זאַמען געשלאָגען פֿון גראָבע אונגעהעבעלטע בראָטער, מיט בלאָטער אָנשטאָט שטרוי. די קינדער זענען אויף דער פּאָדלאָגע געשלאָפֿען, געציטערט פֿאַר קעלט אין די קאַלטע ווינטער נאַכט, און ציטטערענד צו געקראָכען צו'ם בעט דערוואַרמען זיך. דאָס יונגע קינד, אַבראַאַם, האָט געטריי געהאָלפֿען זיין פֿאָטער ביי דער אַרבייט אַ „לאָג־הויז" אויפֿצושטעלען און דער נאָך ביים אויסרייניגען דעם וואַלד אַרום. און די אַרבייט איז נישט לייכט געווען: מען האָט געברויכט אונגעהייער גרויסע ביימער אַנידער צולעגען, דער נאָך די שטאַממען (פּיעניעס) מיט די וואָרצלען אויסגראָבען, די האַרטע ערד איבערוואַרפֿען, דערנאָך ערשט איבער אַקקערען צו'ם זייען. און אַבראַאַם איז אַ געשיקקטער יונג געווען, צו אַללעס געטויגט. איינמאַל האָט

ער זיינע עלטערען זעהר פערוואונדערט: ער האָט אהיים געבראַכט אַ דערשאַסענען אינדעק, וועלכען ער האָט מיט שטאָלץ זיין מוטטער געשענקט. ער האָט שווער געאַרבייט מיט דער האַק, גוט געוואוסט ווי מיט אַ ביקס זיך צו לענקען, און ביי דעם אַלעס, ווי פערהאָרעוועט ער איז נישט געווען, האָט ער אַלץ געשטרעבט צו לעהרע, צו וויסען. יעדע פרייע מינוט האָט ער בענוצט אויסצואיבען זיך אין דעם, וואָס ער האָט אין די קענטוקער שולען געלערנט, און נישט זעהר פיעל האָט ער זיך דאָרט אויסגעלערנט — קוים שלאַבאַזירען און עטוואָס שרייבען. אָפט איז ער ביינאַכט פאַר דעם ברענענדיגען פייער געשטאַנען מיט אַ דיק אָבגעהיעבעלטען ברעט אין דער האַנד און מיט איין אָב-געברענט שטאָקעלע האָט ער אויף דעם ברעט פערשיעדענע אותיות געצייכענט. די ביבליאָטעק פון דער פאַמיליע איז בעשטאַנען אין גאַנצען פון 3 ביכער: די ביבעל, אַ קאַטעחיזוס און איין א. ב. די צוויי לעצטע ביכער און אויך פיעל קאַפּיטעל פון דער ביבעל האָט ער אויסענווענדיג געקאָנט, און עפּיס נייעס און וויכטיגעס צו לעזען האָט ער נישט געהאַט.

אזוי איז אַוועק 3 יאָהר. אין די 3 יאָהר זענען צו דער פאַמיליע לינקאָלן אין אינדיאַני צו געקומען נייע עמיגראַנטען: דער פעטער און די מומע (טאַנטע) פון טאָמאַס לינקאָלן'ס ווייב. זיי האָבען זיך גערופען ספּאַראָ, מיט אַ פלעמעניק דעניס הענקס, וואָס איז אין איין אַלטער מיט אבראַאַמ'ן געווען. אַבראַאַם איז דערפרייט געוואָרען מיט זיין נייעם חבר, די קינדער האָבען זיך זעהר ליעב געהאַט, און זענען פערבליעבען אויפ'ן גאַנצען לעבען גוטע פריינד, חאָטש זיי האָבען פערשיעדענע כאַראַקטערען געהאַט.

אין דער זעלבער צייט האָט אַ שווער אונגליק געטראָפען לינקאָלנ'ן: אין מערב-אַמעריקע איז דעמאָלט אומגעגאַנגען אַ שווערע עפּידעמיא „דאָס מילך פיבער", אַבראַאַמ'ס אַלטערען זיינען באַלד אויף איהר קראַנק געוואָרען, דער פאָטער האָט איבער געטראָגען די קראַנק, די שוואַכע מוטער אָבער איז, אין עטליכע טאָג נאָך איהר קראַנק ווערען, געשטאָרבען און איבער

געלאָזט 2 יתומים, אַבראַאַמען און זיין שוועסטער.

אַ יאָהר האָט טאָמאַס אָהן אַהוויזווירטען געלעבט, דער נאָך האָט ער זיך בעשלאָסען אַ נייע פרוי צו נעמען. דער צו איז ער קיין קענטוקי געפאָהרען און דאָרט געהייראַטעט מיט איין אלמנה (וויטווע) סאַלי דזאָנסטאָן, וועלכע האָט דריי קינדער — אַ זוהן און צוויי טאָכטער — פון ערשטען מאַן געהאַט, און מיט דער נייע פרוי אין קינדער איז ער קיין אינדיאַנ צוריק געקומען.

דורך דער צייט, וואָס טאָמאַס איז געווען אין קענטוקי, איז אַבראַאַם זעהר אונמוטהיג געווען; דאָס ערשטע אונגליק, זיין מוטטער'ס טוידט, האָט איין אונגעהייערען איינדרוק אויף איהם געמאַכט, און ער האָט זיך דערפרייט, ווען זיין פאָטער איז אַ היים געקומען. דערצו איז די נייע שטיפמוטטער געווען אַ גוטע, ליעבליכע און עטוואָס אַ געבילדעטע פרוי, און האָט ווירקליך געשטרעבט פאַר די יתומים אַ מוטטער צו זיין. עס איז נישט קיין וואונדער, אַז אונזער אַבראַאַם האָט זי באַלד זעהר ליעב געקריגען, דערצו נאָך האָט די שטיפמוטטער בעמערקט אַבראַאַמ'ס פאָהיגקייטען און אויף איהם מעהר אַכטונג געגעבען, ווי אויף די איבריגע קינדער.

די לאַגע פון דער פאַמיליע האָט זיך פיעל פערבעסערט: די נייע גוטע פרוי האָט הוץ איהר גוט האַרץ נאָך עטוואָס געלד אין דער פאַמיליע אַריין געבראַכט. מען האָט אָנגעהויבען בעקוועמער צו לעבען, אין הויז האָט זיך געוויזען עפּעס מעבעל, די קינדער האָט מען אָרענטליכער און אַרטיגער געקליידעט א. ז. וו. „אין אַ פערלויף פון איינגע וואָכען — דערציהלט הענקס — האָט זיך אַלס געאָנדערט, וואו ביז אַהער איז געווען אונמוטהיג און לעער, איז יעצט פריילאך און בעקוועם געוואָרען. זי איז געווען איין ענערגישע פרוי מיט אַ געזונדען פערשטאַנד, אַ גוטע ווירטין, זעהר אַ קוראַט געווען און גוט געוואוסט, ווי אומצוגעהן זיך מיט קינדער. אַבראַאַם איז באַלד אויפ'ס נייע בעקליידעט געוואָרען, און ער איז נאָר ווי איין אנדערער געוואָרען, — אַלע קינדער פון דער פאַמיליע האָבען זיך געליעבט און געלעבט צווישען זיך בשלום, ווי זיי

וואָלטען קינדער פֿון איין טאַטע־מאַמע געווען.

נור נישט בלויז אין הויזווירטשאַפֿט און לעבענסאָרדנונג האָט די נייע פֿרוי אַזאַ גוטע ווירקונג געהאַט: זי האָט זיך אויך זעהר שטארק פֿעראינטערעסירט מיט אַבראַאַמען און האָט איהם געגעבען די הילף, וואָס ער האָט דעמאָלס געדאַרפֿט. (אַבראַאַם איז צו איהר פֿערבונדען געווען מיט אַ טרייע ליעבע און אויך דער נאָך, ביז צו איהר טוידט, האָט ער זי זעהר געליעבט און געאַכט). אַלער ערשטענס האָט ער געהאַט עפּעס נייעס צו לעזען: צו דער הויז ביבליאָטעק, וואָס איז ביז אַהער בעשטאַנען פֿון 3 ביכער, איז יעצט צוגעקומען נאָך עטליכע, ווי „די רייזע פֿון אַ קריסט" בעניאַן'ס, „עזאָפּ'ס פֿאַבעלען", פֿון וועלכע אַבראַאַם האָט גאָר געקוואָלען. די גוטע פֿרוי האָט איהם געאָנטפֿערט אויף די פֿראַגען, וואָס אַבראַאַם פֿלעגט פֿרעגען ביי יעדער געלעגענהייט און איהם געדיענט מיט וואָס נור זי האָט געקאָנט. פֿון איהר אויך האָט אַבראַאַם זיך אָבגעלערנט גוטהאַרציקייט און עֲנָוָה, מיט וועלכער ער האָט זיך דער נאָך אין זיין לעבען אויסגעצייכענט.

אויך אין אינדיאַני האָט אַבראַאַם אַ שולע בעזוכט, נור אויך דאָ, צו'ם אומגליק, אין גאַנצען עטליכע וואָכען. די נייע עמיגראַנטען, וואָס האָבען זיך בעזעצט אין דעם געגענד, האָבען אפילו שוין אַ הילצערען הייזעל אויפֿגעבויעט פֿאַר אַ שולע. אַבראַאַם האָט די שולע בעזוכט און גרויסע פֿאָרשריט געמאַכט אין רעכנען און שרייבען, נור דורך עפּיס אַ צופֿאַל איז די שולע פֿערמאַכט געוואָרען, און אַבראַאַם האָט זיך געמוזט ווענדען צו זיין אייגענע ענערגיע און צו דער הילף פֿון זיין שטיפֿמוטער, אום עפּיס וויסענשאַפֿט צו ערווערבען. ערשט אין פֿיער יאָהר אַרום איז ער ווידער אין אַ שולע אָנגעקומען, וואָס איז געווען אין דעם זעלבען הייזעל, און האָטש ער האָט אויך דאָס מאָל נישט לאַנג דאָרט געוויילט, דאָך האָט די שולע אין דעם לעצטען מאָל אַ גרעססערען איינפֿלוס אויף איהם געהאַט. דאָ האָט ער צו'ם ערשטען מאָל עטליכע ניטצליכע וויסענשאַפֿטליכע ידיעות ערוואָרבען, און דער לעהרער, וואָס האָט בעמערקט

זיינע פֿאֶהיגקייטען, האָט נישט אֵיינמאָל געזאָגט, אַז ער איז זיכער, אַז אַבראַאם וועט אַ גרויסער מאַן זיין. לאָבערליך איז די שולע געווען דערמיט, וואָס אין איהר האָבען זיך די קינדער פֿון די גראָבע עמיגראַנטען געלערט מאַנערען, ווי זיך אויפֿצו־פיהרען אין געזעלשאַפֿט פֿון מענשען, דערצו האָט מען זיי געאיבט אויפֿשטעלען זיך אונ נייגען זיך לויט דער שטרענגסטער עטיקעט. אין דער זעלבער שולע האָט אַבראַאם אויך אָנגעהויבען זיינע ליטעראַרישע פֿאֶהיגקייטען צו פּרובען אונ האָט אויף זיך אויפֿמערקזאַם געמאַכט דען לעהרער מיט איין קליינעם אַרטיקעל וועגען „צער בעלי חיים״. דאָס געפֿיהל פֿון מיטלייד צו די אונ־בעהאָלפֿענע בעשאֶפֿנעשען האָט זיך אין אַבראַאם׳ן זעהר פֿריה בעמערקט, אונ ער פֿלעגט אָפֿט שטראָפֿען זיינע חברים, ווען זיי פֿלעגען מאַטערען אַ לעבענדיג בעשאֶפֿניש. אונ אויך אָבוועהרען דאָס שוואַכע בעשאֶפֿניש, אַז ער האָט נור געקאָנט.

מיר זעהען אַלזאָ, אַז דאָס בעזוכען די שולען האָט אַבראַאמען נישט זעהר פֿיעל געקאָנט געבען, די שולען האָט ער בעזוכט נישט דורך אֵיינאַנדער אונ אַלס צו זאַממען נישט מעהר ווי אַ יאָהר־צוויי, אונ דאָך האָט ער פֿיעל געלערנט לויט זיין אַלטער, ווייל ער האָט קיין אֵיינציגען צופֿאַל נישט דורך געלאָזט, אַז ער האָט נור געקאָנט עפּיס לערנען, עפּיס נייעס געוואהר צו ווערען.

עס וועט דאָ נישט איבריג זיין צו דערציילען איין עפּיזאָד פֿון זיין יוגענד, וועלכער ווערט דערמאָנט אין פיעל ביכלעך פֿאַר קינדער. אַ מאָל איז אַבראַאם געוואהר געוואָרען פֿון זיינעם אַ חבר, אַז ביי זייערס אַ שכן, מיסטער קראָפֿאָרד, געפֿינט זיך אַ בוך מיט דעם נאָמען, דאָס לעבען „דזשאָרדזש וואַשינגטאָנ׳ס״. מיט אַ ציטטעריג האַרץ איז ער אַהין געגאַנגען אין דעם „לאָג־הויז״, וואו דאָס טהייערע ביכעל האָט זיך געפֿונען, אונ געבעטען, מען זאָל עס איהם באָרגען אויף עטליכע טאָג. מען קאָן זיך פֿאָרשטעלען ווי פֿעראינטערעסירט עס האָט דעם יונגעל די ביאָגראַפֿיע פֿון דעם בעקאַנטען פֿאָלקס־העלד, וואָס האָט געגרינדעט די אַמעריקאַנישע רעפּובליק. ער האָט דאָס

ביכעל געלעזען מיט גרויס חשק, געשלונגען יעדעס וואָרט, און געווענדעט זיך צו דער מוטטער מיט פֿראַגען, וואו ער האָט נישט פֿערשטאַנען. נור גאָר אונגעריכט האָט זיך איין אונגליק געטראָפֿען: פֿאַר נאַכט אַמאָל האָט ער דאָס ביכעל אויף אַ זיכערען אָרט בעהאַלטען, ביינאַכט איז אַ שטאַרקער רעגען געגאַנגען, דאָס ביכעל איז געוואָרען דורך גענאָצט און פֿערדאָרבען, ער האָט נעביך נישט געוואוסט וואָס צו טהון, ווי אַזוי וויזט מען זיך דעם קראָפֿאָרד'ן אין די אויגען מיט דעם פֿערדאָרבענעם בוך? בעצאָהלען ווידער האָט ער קיין געלד נישט געהאַט. לאַנג האָט ער איין עצה געזוכט און בעשלאָסען זיך — אָט אויף וואָס: ער איז געגאַנגען צו קראָפֿאָרד'ן, ער האָט דאָס בוך געוויזען, און פֿאָרגעלייגט אָבצואַרבייטען ביי איהם, ווי לאַנג קראָפֿאָרד פֿערלאַנגט. קאָרפֿאָרד האָט אײַנגעווילוגט און אַבראַאם האָט ביי איהם 3 טאָג אין דער קאָקוריזע-פֿעלד געאַרבייט; דער פֿאַר אָבער האָט דאָס בוך שוין איהם געהערט. מען פֿערציהלט, אַז פֿאַר די אָרענטליכע אויפֿפֿיהרונג האָבען אַלע שכנים אַבראַאמען געליבט און געאַכטעט.

---

## צווייטער קאפיטעל.

### דער יונגער ארבייטער.

---

אַבראַאם האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אַ שטאַרקער זכרונות-קראַפֿט (כח הזכרון) און פֿלעגט פֿערוויילען זיינע שכנים מיט ערצעהלונגען פֿון די ביכער, וואָס ער האָט דורך געלעזען; אַז ער פֿלעגט צוריק קומען פֿון אַ רעליגיעזער אָדער פּאָליטישער פֿערזאַמלונג (מיטינגג), פֿלעגט ער זיך שטעלען אויף אַ קלאָץ פֿון איין אויסגעהאַקטען בוים, און פֿון דאָרט ווידער האַלטען פֿאַר איינינע מענשען די רעדען, וואָס ער האָט געהאָרט.

מהיילמאל פלעגט ער אזוי פאריגען אין פעלד אין דער שניט־
צייט, און ער האט זיך שוין דעמאלס אויסגעצייכענט מיט זיין
טאלאנט אלס רעדנער. די אלע, וואס האבען איהם געקאנט
אין יענער צייט, האבען פערצעהלט, אז ער האט געהאט
א נאטירליכע אונאיינגעהאלטענע שטרעבונג צו רעדען פאר
א פובליקום. אויך אין זיינע דעמאלדיגע רעדען האט ער ליעב
געהאט צו דערציילען אנעקדאטען, און זיין הומאר און גוט־
הארציגקייט האבען איהם ליעבע פערשאפט ביי אללע זיינע
בעקאנטע. דענים הענקס, לינקאלן'ס יוגענד פריינד בעשרייבט
מיט פאלגענדע ווארטער יענע צייט: „מיר פלעגען אלס, וואס
ארום אונז האט זיך געטוהן, אויפכאפען מיט'ן בליק מיט'ן
אייער, אלעס פלעגען מיר דערשמעקען. מיר האבען אלס אויס־
געהערט, וואס מען האט גערעדט וועגען אלגעמיינע פראגען,
און יעדע פראגע אזוי לאנג דורך געשמועס'ט, ביז וואנן עס
איז נאך געווען וועגען איהר א ווארט צו רעדען. מיר זענען
געגאנגען אויף פאליטישע און אנדערע מיטינגען (פער־
זאמלונגען) אויסגעהערט פערשיעדענע מיינונגען וועגען יעדער
זאך, און אליין צווישען זיך געאורטהיילט און געשפארט זיך. ער
(לינקאלן) האט רעדען געהאלטען, פארגעלעזען, פערשטעהן
געגעבען א. ז. וו.... א יונגעל איז ער געווען א פרייליכער,
א לעבהאפטיגער; איהם האט קיינמאל קיין הומאר נישט
געפעהלט, און זעלטען ווען ער האט געזאלט זיין אונמוטהיג.
אין שטאדטעל דזשענטריוויל, וואס האט זיך געפונען אויף א מייל
פון זיין פאטערס פארמע, פלעגט ער אויך פערוויילען דאס פאלק
מיט זיינע לאכערליכע מעשות. ארום איהם האט זיך פער־
זאמעלט א מענגע פאלק, ביז האלבער נאכט פלעגט ער אזוי
רעדען, דערנאך ערשט איז ער אהיים געגאנגען.

אויף'ן זעכצעהנטען יאהר איז אבראאם שוין א פערטיגער
מענש געווען, ער האט אין די זעלבע צייט שוין עררייכט זיין
פאלשטאנדיגען וואוקס 6 פוט און 4 דיום, און ער האט זיך אויך
אויסגעצייכענט מיט זיין פיזישער קראפט און מיט זיין פעהיג־
קייט צו יעדער ארבייט. אין דער היים האט ער זיין פאטער

געהאָלפֿען בײַ דער אַרבייט אין זיין פֿערמאַ, וואָס האָט זיך דעמאָלס שוין פֿיעל ענטוויקעלט, אַבראַאַמ'ס פֿאָטער איז דעמאָלס געווען נישט קיין אָרעמער קאַפּיטאַניסט. די רעשט צייט, וואָס איז אַבראַאַמ'ן איבער געבליבען נאָך דער אַרבייט אין דער היים, האָט ער געאַרבייט בײַ אַנדערע פֿאַר טאָג-לאָהן, און דאָס פֿערדיענסט — אַהיים געבראַכט. די שכנים האָבען זיך וועגען איהם געריסען — אַבראַאַמ'ן האָט יעדער געוואָלט אַרבייט געבען און ער, אַבראַאַם, האָט זיך פֿון קיין אַרבייט נישט אָבגעזאָגט. — „האָלץ האַקען, באַקען, אַכטונג געבען אויף אַ קינד" — און אויסער דעם, וואָס אַבראַאַם האָט אַלס גוט און פּינקטליך געטוהן, האָבען זיך זיינע אַרבייטגעבער נישט געקאָנט זאַט אָנקוקען אויף איהם, עפּיס איז מיט איהם זייער היימליך און לוסטיג געווען. אין יאָהר 1825 האָט ער זיך פֿערדונגען צו איין געוויסען דזשעמס טיילאָר פֿאַר 6 דאָלאַר אַ מאָנאַט און קעסט. געאַרבייט האָט ער פֿערשיעדענעס. אייגענטליך האָט ער זיך פֿערדונגען אַלס פֿאַראָם פֿיהרער איבערצופֿיהרען איבער דעם טייך אָריאָ, נור אַרוים געקומען איז דעראויף, אַז ער האָט אַלס געטהון, געאַקקערט די ערד, געהראָשען קוקרוזאָ, געהיטעט דעם אויבען, און נישט זעלטען אויך געקאָכט. אַבראַאַם האָט זיך אויסער זיינע גוטע פֿאַהיגקייטען און פֿהיזישע קראַפֿט, נאָך מיט איין זאַך אויסגעצייכענט: ער האָט קיין בראָנפֿען נישט געטרונקען, טראָטץ דעם וואָס דאָס יונגוואַרג האָט דעמאָלס אין יענעם געגענד זעהר געשפּוּרט.

בײַ זיין ווירטה, טיילאָר, האָט אַבראַאַם עטליכע נוטצליכע ביכער ווי „די היסטאָריע פֿון די פֿעראייניגטע שטאַאַטען" און אַנדערע, געפֿונען, און אַבראַאַם, פֿערשטעהט זיך, האָט זיי געלעזען מיט גרויס פֿערגעניגען, טראָטץ דעם וואָס ער האָט געברויכט זעהר פֿריה צו דער אַרבייט צו שטעלען, האָט ער געלעזען ביז זעהר שפּעט אין דער נאַכט. טיילאָר'ס זוהן, וואָס איז מיט אַבראַאַם'ן אין איין צימער געשלאָפֿען, האָט איהם דערביי זעהר געשטערט. עס איז געגאַנגען הערין, וואָס טיילאָר האָט נישט געקאָנט איינשלאָפֿען בײַ דער ליכט. אַמאָל האָט ער

זיך אָנגעבייזערט אויף אַבראַאם'ן ווייל ער האָט נישט געוואָלט דאָס ליכט פערלעשען, אונ האָט איהם איבער'ן באַק געגעבען. נור אַבראַאם האָט זיך דאָס מויל אָבגעווישט. אונ ווי קיינמאָל גאָר נישט האָט ער זיך ווייטער רוהיג געלעזען.

נאָך דעם ווי ער איז פון טיילאָר אַוועק געגאַנגען, איז אַבראַאם אַ קורצע צייט אין דער היים געווען. אונ דער נאָך האָט ער זיך פערדונגען אין שטאָדטעל דזשענטריוויל אַלס פריקאַשציק אין געוועלב פון איין געוויסען דזשאָנס. דער נייער ווירטה האָט אויף איהם זעהר אַ גוטע ווירקונג געהאַט. ער איז געווען עטוואַס אַ געבילדעטער אונ האָט זיך זעהר אינטע־רעסירט מיט פּאָליטישע פראַגען. אין זיין געוועלב פלעגען זיך אָפט צוזאַמען קומען די געבילדעטע מענשען פון שטאָדטעל. דאָס געוועלב האָט געדיענט פאַר איין אַרט קלוב, אונ אַבראַאם האָט זיך זעהר ערנסט איינגעהאָרט ביי זיי, מיט וואָס די האָכערע וועלט אינטערעסירט זיך. דער ביי איז דזשאָנס געווען איין אָרענטליכער מאַן, ער האָט באַלד בעמערקט אַבראַאם'ס פאָהיג־קייטען אונ געשטיצט איהם מיט אַלע מעגליכקייטען, ער האָט זאָגאַר אַבראַאם'ן אַליין געזאָגט, אַז ער וועט אַ „גרויסער מענש" זיין. דער גוטער ווירטה האָט איהם אויך פערשאַפט ביכער צו לעזען, צווישען וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען פראַנקלינ'ס ביאָגראַפיע אונ אַנדערע גרויסע לייט פון אַמעריקע. ער האָט אויך אַ ציי‏טונג אויסגעשריבען. ער טאַקי האָט דער ערשטער אַבראַאם'ן מיט געזעלשאַפטליכע פראַגען פעראינטערעסירט.

אין דזשענטריוויל האָט זיך אַבראַאם אויך בעקענט מיט א שמיעד דזשאָן באָלדווין, וועלכער האָט געוואוסט אונ פלעגט אָפט פערצעהלען פערשיעדענע פאָלקס אַנעקדאָטען אונ וויטצען. מען רעכענט אַז פון דער קוואַל טאַקי האָט אַבראַאם געשעפּט די פאָלקס זאַגען אונ וויטצען, דעם פאָלקס הומאָר, מיט וועלכען עס האָבען זיך דערנאָך אויסגעצייכענט זיינע רעדען.

אין יאָהר 1827, ווען ער איז שוין פון דזשאָנס אַוועק געגאַנגען אונ געאַרבייט ביי דעם טישלער וואָיד, איז געדרוקט

געוואָרען אין דער שטאָדישער צייטונג זיינע ערשטע ליטעראַרישע צוויי אַרטיקלען, איין אַרטיקעל וועגען שכּרות, דער אַנדערער וועגען עפּיס אַ פּאָליטישער פראַגע. מען פערצעהלט, אַז די ערשטע אַרטיקלען זענען זעהר גוט געווען אָנגעשריבען.

אַבראַאם האָט זיך דורך דער צייט זעהר ענטוויקעלט, זיין וועלטאַנשויאונג איז געוואָרען ברייטער און קלאָרער. ער האָט שוין פיעל ביכער דורך געלעזען, מיט פערשיעדענע געבילדעטע מענשען געלעבט, אינטערעסירט זיך מיט פּאָליטיק — און לעבען ווייטער ביי'ם פאָטער אין דער איינפאַכער פּויערישער לאַגע איז פאַר איהם אונמאָגליך געוואָרען.

איהם האָט געצויגען אין דער ווייטער ברייטער וועלט אַריין. פערזוכען דאָס לעבען אין איהר פערשיעדענע אַרטיגקייט, דערצו האָט ער אַזאַ פּלאַן אויפגעגעבען: ער האָט זיין פאָטער פאָרגעלעגט אויפצובויען איין אַרט שיף (feat-boat), און לאָזען זי אויף דער אָגיאָ (אַ טייך אין יענעם געגענד) מיט פערשיעדענע פּראָדוקטען אויף איינעם פון די נאָהענטע מאָרק. ווי אַזוי האָט דער פאָטער צו גענומען זיין פאָרשלאַג, ווייסען מיר נישט. עס איז נור בעוואוסט, אַז אין אַ צייט אַרום איז די שיף אויפגעבויעט געוואָרען, און אַבראַאם האָט זיין ערשטער רייזע מיט איהר געמאַכט.

לינקאָלן דערנאָך, אַלס פרעזידענט, פלעגט אָפט דער־צעהלען איין עפּיזאָד פון יענער צייט, וועלכער האָט אויף איהם אַ שטאַרקע ווירקונג געהאַט: ווען זיין שיפעל איז שוין געווען פערטיג, איז ער אַ מאָל געשטאַנען ביי'ם ברעג, און בעטראַכט דאָס ווערק, וואָס איז אויפגעשטאַנען לויט זיין פּלאַן, דערביי זענען אָנגעקומען צוויי רייכע לייט און האָבען איהם פאָרגעלעגט, ער זאָל זיי אַריבער שיפען מיט באַגאַזש צו דער דאַמפשיף, וואָס איז געשטאַנען אין מיטען וואַסער. ער האָט זיי אונגעפיהרט און ער איז זעהר איבעראַשט געוואָרען, ווען ער האָט פון די צוויי פּאַסאַזשירען אַ גאַנצען דאָלאַר בעקומען. איהם איז ביז אַהער אין זינן נישט געקומען, אַז ער זאָל קאָנען פערדיענען אַ גאַנצען דאָלאַר און דערביי נישט אַ גאַנצען טאָג

שווער אַרבייטען, און דערצו נאָך איז דער דאָלאַר געווען די ערשטע געלד וואָס האָט איהם געהערט, ביז אַהער האָט ער זיין גאַנץ פֿערדינסט זיין פֿאָטער אָבגעגעבען.

אַבראַאַם האָט זיין ערשטע רייזע גליקליך אויסגעפֿיהרט, און ער איז בעריהמט געוואָרען אַלס אַ טוגליכער, געשיקטער מענש. פֿון איהם איז געוואָר געוואָרען אַ געוויסער רייכער מאַן דזשענטרי אין דער שטאָדט, וואָס ווערט אויף זיין נאָמען אָנגערופען, און ער האָט אַבראַאַם'ן פֿאָרגעלעגט אָבצופֿיהרען אַ גרויסע באַרקע מיט פֿערשיעדענע פּראָדוקטען קיין ניי-אָרלעאַן, צוזאַמען מיט דעם רייכען זוהן. דאָס איז געווען זעהר אַ שווערע און אַ געפֿעהרליכע רייזע, אונגעפֿעהר 2400 וויאָרסט מיט דעם טייך צו רייזען, צו וועלכער נור פֿאָהיגע און אונפֿורכטבאַרע מענשען האָבען זיך געקאָנט נעמען. די גרויסע באַרקע איז געווען זעהר שווער צו ריכטען, פֿיעל מאָל אויך געגען ווינד. קיין קאַיוטע איז נישט געווען, פֿייער מאַכען איז אויך אונמאָגליך געווען, און נור די קאָלדרע האָט זיי געקאָנט עטוואָס בעשיצען פֿון קעלט און געוויטטער. און דאָך האָבען זיי די רייזע גליקליך דורך געמאַכט. אַבראַאַם'ן איז געבליעבען אַ פֿלעק אויף דעם געזיכט פֿון וואונד, וועלכע ער האָט בעקומען ביי דער רייזע, שלאָגענדיג זיך מיט די נעגרען, וואָס זענען אויף זיי אָנגעפֿאַלען אַ מאָל ביינאַכט אום צו בערויבען די סחורה, נור אַבראַאַם מיט זיין קאַמעראַד האָבען זיך מוטהיג אָבגעוועהרט און אַלץ גערעטעט.

---

## דריטטעס קאַפּיטעל:

אין יאָהר 1830 האָט דער אַלטער לינקאָלן פֿערלאָזט אינדיאַני, פֿערקויפֿט זיין פֿערמא מיט די סטאַדעס שוויינען און אַבגערייזט צו מערב צו אויף אַ שטרעקע פֿון 300 וויאָרסט

געקויפט 15 אַקער ערד נישט ווייט פון דער שטאָדט דעקיטור אין שטאַאַט איללינאָאַס און זיך דאָרט בעזעצט. צווישען אַנדערע אורזאַכען, וואָס האָבען איהם געצווינגען פערלאָזען אינדיאַני, איז אויך געווען דער שלעכטער קלימאַט פון דעם שטאַאַט. און אַבראַאַם, טראָטץ זיין פערלאַנג צו אַרבייטען און צו לעבען אויף איינענעם רעכנונג, האָט זיך געמוזט צו זיין פאָטער צוריקקעהרען, אום צו העלפען איהם ביי דער איינריכטונג פון דער נייע פאַרמע. באַלד האָט מען אויפגעשטעלט אַ נייע „לאָג-הויז", אַ גראָסערער און בעקוועמער, אַלס יענע; אין וועלכע זיי האָבען אין אינדיאַני געוואָהנט, מיט צו געבויטע שטעלער פאַר פערד און קיה. אין פערלויף פון עטליכע וואָכען, איז די געקויפטע ערד שוין געווען אַרום געצוימט מיט אַ פאַרקאַן, איבער געאַקערט און פערזייעט מיט קוקעריזע. דאָס אַלץ האָט אַבראַאַם מיט זיין פעטער הענקס, וועלכער האָט דאָרט געוואָהנט אין גאָר אַקורצע צייט געמאַכט. אַ היבשע צייט דערנאָך האָט אַלץ אַבראַאַם געלעבט ביי זיין פאָטער, געאַרבייט און פערדיענט ביי די שכנים, וואָס האָבען איהם אויך דאָ ליעב געהאַט פאַר זיין געשיקטקייט און הייטערקייט, חאָטש ער איז אין גאַנצען נישט שאָן געווען און געגאַנגען אָרום געקליידעט, לעזען האָט ער ווידער וויניג צייט געהאַט, און דאָך האָט ער אין זיינע פרייע צייט נישט לעדיג געגאַנגען און זיך געלערנט; די אַרבייט איז געווען שווער, פערלאָזען זיין פאָטער האָט ער נישט געקאָנט, דער אַלטער לינקאָלן האָט זיך אין איהם זעהר גע-נאָטהיגט, איבערהויפט אין איינינע מאָנאַטען אַרום, ווען דער אַלטער האָט אויך די נייע פאַרמע פערקויפט, איבער דער עפידעמיע, וואָס איז אין דעם געגענד אום געגאַנגען, און ווייטער זיך איבער געצויגען צו מזרח אויף 100 וואָרסט פון דער נייע פאַרמע און האָט זיך שוין בעזעצט אין בעצירק קאָלס אין דעם זעלבען שטאַאַט איללינאָיס.

אין ווינטער פון דעם זעלבען יאָהר 1830 האָט זיך אַבראַאַמ'ן ווייטער געטראָפען אַרייזע צו מאַכען און זיך מעהר בעקענען מיט דער גרויסער וועלט. אַ געוויסער קויפמאַן פון דער שטאָדט ניו-סאַלעמאַ מיט דעם נאָמען אָפפיאָט, האָט פאָרגעלעהגט

לינקאָלן'ס פעטטער הענקסען, אָבצופיהרען מיט'ן וואַסטער אַ טראַנספּאָרט קוקוריזע און שווינען פלייש קיין ניי אָרלעאַן. הענקס האָט אײַנגעווילינט נור אויף דעם פאַל, אַז אַבראַאַם זאָל אויך מיטפאָהרען. אַבראַאַם איז אין דער זאַך שוין געווען געניט, די סחורה איז גליקליך געוואָרען אָבגעשטעלט און פערקויפט אין נייע אָרלעאַן, און צוריק אַהיים איז אַבראַאַם שוין געקומען אויף אַ דאַמפּף-שיף.

די צייט, וואָס לינקאָלן איז געווען אין ניי-אָרלעאַן, האָט איין צופאַל אין זיין גייסט אַ שטאַרקען אײַנדרוק אויף זיין גאַנצען לעבען איבער געלאָזט: דאָ האָט ער דען ערשטען אײַנדרוק בעקומען וועגען שקלאַווערײַ: אין דער גאַס האָט ער דאָ געזעהן פיהרען צו'ם פערקויפען אַ פּאַרטיע שקלאַווען, מיט פערוואונדערטע אויגען האָט ער דאָ געקוקט, ווי מען האָט די אונבעהאָלפענע שקלאַווען געשלאָגען און גע-מאַטערט, און די סצענע האָט זיך טיעף אײַנגעשנידטען אין זיין מח אויף'ן גאַנצען לעבען. דערנאָך, ווען לינקאָלן איז שוין פרעזידענט געווען, און ער איז געווען דער אַנפיהרער פון אַלע קאָמפּפער געגען דער שקלאַווערײַ, פלעגט ער פערצעהלען, אַז זיין אײַפערקייט און איבערגעבענהייט דער שטרייט געגען דער שקלאַווערײַ, האָט ער צו פערדאַנקען נור דעם ערשטען אײַנדרוק אין ניי-אָרלעאַן.

דעם קויפמאַן אָפּפיאָט איז אַבראַאַם זעהר געפאַלען, און באַלד נאָך דעם צוריקקומען פון ניי-אָרלעאַן, האָט ער אַבראַאַם'ן איבערגעגעבען צו אַנפיהרען דעם מאַגאַזין סחורה, וואָס דער קויפמאַן האָט זיך געעפענט אין ניו-סאַלעם. פאַר זיין אָבריייזען נאָך ניו-סאַלעם, האָט אַבראַאַם נאָך געהאַט אַ דועל מיט אַ בע-וואוסטען שלעגער אין יענער צייט — ניגדאַס, וואָס האָט געהערט וועגען אַבראַאַם'ס גבורה, און האָט זיך געוואָלט מיט איהם פראָביערען, און אַבראַאַם האָט איהם בעזיעגט און אויף דער ערד געלייגט צוויי מאָל. באַלד האָט אַבראַאַם אָבגערייזט קיין ניו-סאַלעם, נור דאָ איז אויסגעקומען אַ צייט צו וואַרטען אויף

די סחורה, וואָס אָפּפּיאָט האָט נאָך נישט געהאַט אײַנגעשאַפּט, און אַבראַאַם האָט דער ווייל געאַרבייט אין דער אויסוואַהל-ביורא אַלס סעקרעטער. אין אויגוסט פֿון יאָהר 1831 איז די סחורה אָנגעקומען, אונטער וועלכע עס האָט זיך געפֿונען אַלס, אין וואָס די אײַנוואָהנער האָבען זיך אין יענער צייט דאָרט גענאָטהיגט און אַבראַאַם האָט אָנגעהויבען צו האַנדלען אַלס פֿאָרשטעהער פֿון אָפּפּיאָט'ן. ווי אומעטום איז ער דאָ זעהר געפֿאָלען געוואָרען און באַלד פֿיעל גוטע פֿריינד און שעטצער גע-קריעגען. אין זיין געוועלב זענען זיך אָפֿט קויפֿער צוזאַמען גע-קומען און מיט פֿערגניעגען אויסגעהערט זיינע געשפּרעכען, און זיין אָרענטליכקייט און איינפאַכקייט האָבען ווי אַ מאַגנעט צו זיך צו געצויגען די אַלע צוהאָרער. זיין פּאָפּולאַריטעט האָט איהם אויך פֿיעל פֿיינד פֿערשאַפֿט, וואָס האָבען איהם מקנא געווען. איינמאָל, דערצעהלט מען איין אנעקדאָט פֿון יענער צייט, ווען אין געוועלב האָבען זיך געפֿונען עטליכע פֿרויען קויפֿערין, האָט זיך דורך זיי דורך געדראָנגט אַ דיקער מענש צו דעם בופֿעט און אָהן שום אורזאַכע אָנגע-הויבען צו שעלטען און צו זידלען אַבראַאַם'ן. אַבראַאַם האָט איהם זעהר האָפֿליך געבעטען, אַז ער זאָל אויפֿהערען און זאָל שוינען דאַמען-עהרע, נור דער מענש האָט נאָך מעהר ווי פֿריהער גענומען שעלטען און זידלען. אַבראַאַם האָט געוואַרט ביז די פֿרויען זענען אַרויס פֿון געוועלב, דאָ האָט ער גענומען דעם מענשען פֿאַר'ן קאָלנער אַרויס געשליידערט פֿון געוועלב אויף דרויסען און פעסט געשלאָגען אַזוי לאַנג, ביז דער מענש האָט זיך ביי איהם געבעטען, אַז ער זאָל אויף איהם שוין רחמנות האָבען, דעמאָלס האָט אַבראַאַם איהם צוריק געפֿיהרט אין געוועלב אַריין, געגעבען איהם זיך איינוואַשען, און פֿון יענער צייט אָן זענען זיי געבליבען גוטע פֿריינד.

אין יענער צייט האָט געהערשט איין ניי-סאַלעם, ווי אין אַלע נייע שטאָדט, וואָס האָבען זיך דעמאָלס ערשט ענטוויקעלט, אַ באַנדע סקאַנדאַליסטען, פֿון וועלכע די שטאָדט מענשען האָבען זעהל פֿיעל געליטען. יעדען, בעזאָנדערס אַ נייעם אײַנוואָהנער,

פלעגען זיי טשעפּען, בעליידיגען, אַרויס רופען אויף אַ דועל און צעביילען. דער עולם האָט פאַר זיי געציטערט, מען האָט מורא געהאַט מיט זיי זיך צו שטעלען, און גאָט געדאַנקט, אַז מען האָט זיי געקענט אויסמיידען. אין אָנהייב האָבען זיי אַבראַאַם'ן צו רוה געלאָזט, נור דערנאָך האָבען זיי גענומען איהם דערעסען, און אַז אַבראַאַם האָט זיי נישט געאָנטפערט האָט איינער פון דער באַנדע אַבראַאַם'ן אויף אַ דועל אויס־גערופען. נישט לאַנג האָבען זיי געקאָמפט, אַבראַאַם האָט באַלד דעם סקאַנדאַליסט מיט איין האַנד אין לופטען געהאַלטען. און דער זיעג האָט שטאַרק געווירקט, פאַר די סקאַנדאַליסטען האָט מען אויפגעהערט פחד האָבען, צו אַבראַאַם'ן זענען צו געשטאַנען אַנדערע שטאָדט מענשען, און די באַנדע איז אין קורצען פערנאַנדערגעפאַלען.

דאָ, אין ניי־סאַלעם, האָט זיך אַבראַאַם גייסטליך זעהר ענטוויקעלט, דאָ האָט זיך אין איהם צו'ם ערשטען אויפגעוועקט זיין עהרענליעבע, און אין זיין מח האָט זיך געפאָרמירט אַ פאָרשטעלונג וועגען זיין צוקונפט — ער האָט זיך שוין האַלב בעוואוסט פאָרגעבּרייט צו אַ גרויסע קאַריערע. ער האָט אָפט בעזוכט די אָראַטאָרישע קלובען, גענומען איין אַנטהייל אין די דיספּוטען; ער האָט אַ צייטונג אויסגעשריבען, חאָטש ער האָט קיין איבּריג געלד דאַרויף נישט געהאַט, און נישט זעהר פיין געקליידעט געגאַנגאַנגען. זיין פּאָפּוליעריטאָט איז גע־וואַקסען, אַלע האָבען איהם זעהר ליעב געקריעגען און ער האָט בעקומען דעם צונאָמען „דער אָרענטליכער עבּא“. מיט איהם האָט מען זיך געראַטהעט אין אַלעם, וואָס איז פאָרגעפאַלען, ער האָט פשרות געמאַכט בּיי יעדען קריעג, ער איז געווען דער פריעדען מאַכער און בעל־עצה אין דער שטאָדט.

אין איייניגע מאָנאַטען אַרום האָט אָפּיאָט עטליכע שלעכטע געשאָפטען געמאַכט, און דאָס געוועלב איז פערמאַכט געוואָרען און אַבראַאַם איז געבליעבען אָהן אַ שטעל און אָהן מיטעל צו'ם לעבען.

---

# פערטעס קאַפּיטעל.

אין יענער צייט זענען די אינדיאַנער, די אוראַלטע בע־וואָהנער פֿון אַמעריקע, נאָך נישט אין גאַנצען רוהיג געווען. אָפט זענען זיי נאָך בעפֿאַלען די דאָרפֿער פֿון די נייע ווייסע איינוואָהנער און אַ שרעקליכע פֿערוויסטונג נאָך זיך איבער־געלאָזט. אום זיך צו פֿערהיטען פֿאַר זיי, האָט יעדער שטאַאַט געהאַט זיין מיליטאֶר, און ווען עס איז פֿאָרגעפֿאַלען עטוואָס וויכטיגעס, האָט מען ניי מיליטאֶר געפֿאָמירט פֿון פֿרייוויליגע.

אין דעם שטאַאַט אילינאָיס האָט פֿון אוראַלטע צייטען געוואָהנט דער שטאַם (שבט) אָסאַג, וואָס איז זעהר אונרוהיג געווען און אָפֿט בעאונרוהיגט די ווייסע. נאָך דעם, ווי די ווייסע האָבען זיי עטליכע מאָל בעזיעגט, האָט מען צווישען זיך אַ פֿריעדען געשלאָסען, לויט וועלכען די רויטהויטיגע האָט געהערט דער מערבדגיער ברעג פֿון דעם טייך מיססיסיפּי, דער זעלבער טייך האָט געדיענט אַלס גראָניץ צווישען די ווייסע און די רויטע. אַ לאַנגע צייט זענען זיי רוהיג געווען, נור ענדליך, נאָך דעם ווי די ווייסע האָבען געשטערט דעם טראַקטאַט, און האָבען זיך אריין געלאָזט אין די רויטע'ס טהעריטאָריע, זענען די רויטע ווידער אונרוהיג געוואָרען. אַם אָנפֿאַנג האָבען זיי זיך געקלאָגט פֿאַר די רעגיערונג פֿון די פֿעראייניגט שטאַאַטען אויף די ווייסע, וואָס האַלטען נישט די בעדיענגונגען פֿון פֿריעדען, נור דערנאָך, אַז זיי האָבען זיך איבערצייגט, אַז דאָס קלאָגען זיך קאָנן גאָר ניט העלפֿען, האָבען זיך פֿערזאַמעלט עטליכע שטאַמען אונטער דעם אַנפֿיהרונג פֿון אַ געוויסען העלד, וועלכען מען האָט גע־רופֿען „דער שוואַרצער סאָקאָל" און געגאַנגען אויף מלחמה אויף די ווייסע.

ביי נאַכט זענען זיי איבער געשוואומען אויף קליינע

לאַדקעס אויף דעם מזרח אופער פון מיססיסיפּי, בעפאלען די דאָרפער, פערברענט די הייזער, אלע איינוואהנער געטוידט, די פיה מיט זיך מיט גענומען, און זיי זענען אזוי פלינק פער־שוואונדען פון דעם געגענד, אַז מען האָט זיי נישט געקאָנט דעריאָגען.

באַלד האָט דער גובערנאַטאָר פון איללינאָיס אַרויס געשיקט אַ מחנה רעגולאָר מיליטאָר, און אַרויס געגעבען אַ פּראָקלאַמאַציאַ און צוזאַמען גערופען פריוווילליגע. באַלד זענען אויפערשטאַנען עטליכע פולקען, צווישען וועלכע עס האָט זיך געפונען אַ פולק פון די איינוואָהנער פון ניו־סאַלעם.

עס פערשטעהט זיך, אַז אבראַאם, וואָס האָט דעמאָלס גאָר קיין בעשעפטיגונג נישט געהאַט, האָט זיך גלייך פערשריבען אין פולק, וואָס זיין שטאָדט האָט אַרויס געשיקט, און דערביי איז ער כמעט איינשטימיג אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר אַ קאַפּיטאַן פון אַראָמע. דערנאָך פלעגט לינקאָלן אָפט זאָגען, אַז קיין פאָרשריט אין זיין לעבען האָט איהם נישט אזוי פיעל פערגעניגען פערשאַפט, ווי דאָס אויסוועהלונג איהם פאַר אַ קאַפּיטאַן. די מלחמה מיט'ן „שוואַרצען סאָקאָל" האָט זיך נישט אויסגעצייכענט מיט קיין נצחונות, דער אַנפיהרער פון דער עקספּעדיציע געגען די רויטע, דער גענעראַל קאַסס, איז איין אונפאָהיגער קאָמאַנדיר געווען, און די צייט איז אַ דורך מיט אונויטצליכען נאָכיאָגען די רויטע, וועלכע זענען נאָך פלינקער ענטלאָפען; לינקאָלנ'ס פולק, האָט אפילו דעם שונא נישט געזעהען, נאָר זיי איז פאָר געקומען צו ליידען פיעל מאַנגעל אין אבראַאם האָט געקאָסט פיעל ענערגיע אום צו איינ־האַלטען די פריוווילליגע פון צערלויפען.

אין דריי מאָנאַטען אַרום האָט די מלחמה זיך געענדיגט, אזוי ווי דער ווינטער האָט זיך צו גערוקט. מען האָט בענייט דעם אַלטען פריעדען, לויט וועלכען, ווי פריהער, איז דער טייך מיססיסיפּי בעשטאָטיגט געוואָרען פאַר אַ גראָניץ צווישען די רויטע און די ווייסע.

האַלב צו פוס, האַלב אויף געהילץ מיט דעם טייך

איללינאיס, איז אַבראַאם צוריק געקומען קיין ניו־סאַלעם, וואו די־אײנוואהנער האָבען איהם זעהר פריינדליך עמפּפאַנגען. אונ ער איז זעהר איבעראַשט געוואָרען, אַז מען האָט איהם מיט געטהיילט, אַז אַ טהייל שטאָדט־לייט האָט איהם אויסגעשטעלט פאַר אַ קאַנדידאַט אין די געזעצגעבונג'ס פערזאַמלונג פון דעם שטאַט איללינאיס. אין אָנהייב האָט ער געמיינט, אַז מען מאַכט פון איהם לצנות, נור אַז ער האָט זיך איבערצייגט, אַז מען מיינט דאָס אין אמת'ן, האָט ער זעהר צופריעדען אָנגענומען די קאַנדידאַטור. דעמאַלס האָט לינקאָלן געהאַלטען זיין ערשטע פּאָליטישע רעדע. דאָס איז געשעהען באַלד אין אָנהייב פון דעם וואַהל קאַמפּף, אין דעם פּאַפּסויל, וואו איבער עפּיס אַ ליציטאַציע האָבען זיך פיעל מענשען פערזאַמעלט. פאַר זיין רעדע איז איין קוריאָזער צופאַל, נאָך דעם ווי דער אַאוקציאָן (אויספערקויף) האָט זיך געענדיגט, איז געוואָרען עפּיס אַ געשלאָג, אַבראַאם איז אראָב געשפּרונגען פון פּלאַטפאָרם, וואו דער אַאוקציאָן איז פאָרגעקומען, אונ האָט צעשליידערט די, וואָס האָבען זיך געשלאָגען, איינער אָבער האָט אויף קיין פאַל ניט געוואָלט אויפהערען, אונ האָט זיך געגען געשטעלט אַבראַאם'ן, אַבראַאם האָט איהם גענומען פאַר'ן קאָלנער אונ פאַר די פיס, אויפגעהויבען איהם אין דער לופט אונ אַוועק געשליידערט. דער נאָך אַז עס איז שטיל געוואָרען, איז ער צוריק אַרויף אויף'ן פּלאַטפאָרם אונ האָט זיך געווענדעט צו'ם עולם מיט פאָלגענדער רעדע:

„דזשענטעללייט אונ בירגער! — איך רעכען, אַז איהר אַלע ווייסט, ווער איך בין אַזוינער, — איך בין דער אָרימער אַבראַאם לינקאָלן. מיינע גוטע פריינד האָבען מיך געבעטען, איך זאָל זיין קאַנדידאַט אין דער געזעצגעבונג'ס פערזאַמלונג. מיין פּאָליטיק איז קורץ אונ אײנפאַך, ווי איין אַלט ליעדעל. איך בין פאַר דער נאַציאָנאַל באַנק, פאַר דעם סיסטעם פון אינגערליכע פערבעססערונגען אונ פאַר דעם פּראָטעקציאָן*) טאַריף,

*) פּראָטעקציאָן טאַריף — אָבצאָהל פיר אַלע סחורות, וואָס מען ברייגנט אַריין אין לאַנד.

אַט דאָס זענען מיינע איבערצייגונגען און פּאָליטישע פּרינציפּען. אַז איהר וועט מיך אויסוואָהלען, וועל איך אייך דאַנקבאַר זיין, ווען נישט — איז עס פּאַר מיר אַלס איינס".

נור אַבראַאַם איז ביי דער וואָהלונג דורך געפאַלען און דאָס איז געווען דאָס ערשטע און לעצטע מאָל אין זיין לעבען, אַז עס זאָל איהם נישט געלינגען. ביי דעם וואָהלען האָט מען פיעל גערעדט וועגען איהם, און ער איז בעריהמט געווען זאָגאַר ביי זיינע פּאָליטישע געגנער, און זיי אַליין האָבען געזאָגט, אַז ווען ער וואָלט נישט אַזוי אָפען אויסגעזאָגט זיינע איבערצייגונגען, וואָלט ער געוואָהלט געוואָרען.

אַ גאַנץ יאָהר נאָך דעם האָט אַבראַאַם זעהר אַ שלעכטע צייט דורך געלעבט. צוזאַמען מיט אַ געוויסען בעררי האָט ער אין ניו-סאַלעם אַ געוועלב אויפגעאָפּענט, די געשעפטען זענען שלעכט געגאַנגען, בעררי האָט אַבראַאַם'ן פערפיהרט אין חובות און אַליין געמאַכט פליטה און איבערגעלאזט אַבראַאַם'ן חובות, וועלכע איז איהם אויסגעקומען צו צאָהלען ביז'ן יאָהר 1840. נאָך דעם האָט ער זיך פערדונגען פאַר אַ געזעלען ביי אַ געוויסען עללים אין געוועלב. מיט זיין געהאַלט און אַביסל פון דעם, וואָס גוטע פריינד האָבען איהם געשטיצט, האָט ער אַבי ווי אַ דורך געלעבט די שווערע צייט. נישט לייכט האָט זיך איהם דעמאָלס געלעבט, און דאָך האָט ער זיך דאָס נישט זעהר צום הארץ גענומען, און, ווי פריהער, געלעזען און זיך געבילדעט אין די געצעהלטע פרייע מינוטען. צו'ם גליק האט ער דעמאָלס ניטצליכע ביכער געהאַט צו'ם לעזען, ווי „די ראָמישע היסטאָריע" און אַנדערע. ער האָט געהאַט אַ געוואוהנהייט, קורץ נאָטירען זיך דעם אינהאַלט פון אַלעם, וואָס ער האָט דורך געלעזען, און דאָס האָט ער שוין פעסט געדענקט. ער האָט אויך פיעל צייטונגען געלעזען, אַ מיינסט האָבען איהם זעהר אינטערעסירט די פּאָליטיק און דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען. אַרוים געהאָלפען אַבראַאַם'ן אין יענער צייט האָט בעזאָנדערס אַ פעלדמעסטער מיסטער קאַלאָון, וואָס האָט בעמערקט אַבראַאַם'ס פאָהיגקייטען, און האָט איהם צו געזאָגט ביי זיך אַ שטעלע אַלס מיטהעלפער, באַלד

נאָך דעם ווי אַבראַאם וועט זיך נור דערצו פּאַרברייטען. מיט פליים און מיט היטץ האָט זיך אַבראַאם גענומען צו די לעהרע ביכער, וואָס קאַלאָון האָט איהם געגעבען, און אין אַ פּערלויף פון זעקס וואָכען האָט ער שוין אויספּייעט אַלעס נאָטהיגעס צו וויסען און האָט שוין געקאָנט זיין שטעלע אָנ-נעמען. אויסער די שטעלע האָט קאַלאָון איהם אויך פּערזאָרגט מיט פּריוואַט בעשאֶפטיגונג, קיין אַרבייט האָט איבערהויפּט נישט געפּעהלט, אַזוי ווי אין ניו-סאַלעם איז אַלץ מעהר נייע עמיגראַנטען אָנגעקומען, זיי האָבען דאָרט ערד געקויפט, וועלכע מען האָט געברויכט אויסמעסטען.

די אַרבייט פון אַ פעלדמעסטער איז דאָרט געווען זעהר שווער. בעזאָנדערליך עס איז אויסגעקומען זיך לאָזען אין די אוראַלטע וואֶלדער, וואו איידער נאָך מען האָט געקאָנט די אינסטרומענטען צערשטעלען, האָט מען זיך געמוזט מיט אַ האַק אין דער האַנד אַ וועג אויסהאקען. ווי מיד ער איז ניט געוועזען פון גאַנצען טעגליכער אַרבייט, פלעגט ער ביי נאַכט זיך פערנומען מיט לעזען ביכער ביי'ם קאָסטער. זיין פערדינסט איז גיווען זייער קליין, עס פלעגט אים, ווי ער אַליין האָט דער ציילט, קוים זיין גענוג אויף ברויט.

אין יאָהר 1833 האָט ער אַ נייע בעשאֶפטיגונג צוגעקריעגען, ער איז געוואָרען דער פּאָסט-מייסטער אין ניו-סאַלעם. אַרבייט איז געווען זעהר וועניג, די פערוואַלטונג פון דער פּאָסט האָט זיך געפונען אין אַ קליין געוועלביל, די פּאָסט איז אין גאַנצען איינמאָל אין דער וואָך אנגעקומען, און אַבראַאם האָט זיין אַלטע בעשעפטיגונג נישט געברויכט צו פערנאַכלעסיגען צוליעב דער נייער. לויט ווי איינער פון לינקאָלן'ס ביאָגראַפיסטען פערציילט, האָט אַבראַאם זיך געסטאַרעט עפּיס וויכטיגער צו מאַכען זיין שטעלע, און אַזוי ווי אין טהאַט איז כמעט גאָר נישט צו טהוען געווען, האָט ער פאַרגעלעזען די בריעף פאַר די, וואָס האָבען אַליין נישט געקאָנט לעזען, און די ציטונגען פאָרגעלעזען פאַר אַ גאַנצען המון, וואָס האָט זיך פערזאַמעלט פאַר זיין געוועלב.

דערווייל האָט אַבראַאם אַלץ מעהר גע'שמ'ט, ער האָט דורך די צייט שוין פיעל וויכטיגעס געהאַט ערלערנט, און זיין נאַטירליכע גוטסקייט און זיין ווייכער כאַראַקטער האָבען איהם

געצווינגען דערצו, אַז ער זאָל זיך טהײלען מיט אַנדערע מיט דער בילדונג, וואָס ער, צוליעב זיינע גוטע פֿאָהיגקײטען, האָט בעקאָנט ערררייכט. זיין אַלטער ווירטה, אָפֿפֿאָט, האָט פֿון איהם אַ וועלט געהאַלטען, ער פֿלעגט זאָגען: „לינקאָלן ווייס מעהר ווי אַלע אין די פֿעראייניגטע שטאַטען". דער אינדזשיניער גובערנאַטאָר, וואָס האָט זיך מיט אבראַאם'ן דעמאָלס בעקאָנט, איז ענציקט געוואָרען פֿון איהם אונ האָט געזאָגט, אַז לויט זיין טאַלאַנט וואָלט אַבראַאם געברויכט זיין דער פּרעזידענט פֿון לאַנד.

אין יאָהר 1834 ביי דער נייער וואָהלונג האָט מען אַבראַאם'ן ווידער אויסגעשטעלט פֿאַר אַ קאַנדידאַט פֿון בעצירק סאַנגאַמאָן אין דער געזעטצגעבונגס פֿערזאַמלונג, אונ אויף דעם מאָל איז ער אויס געוואָהלט געוואָרען מיט אַ גרויסער מעהרצאָהל שטימען. אין יענער צייט האָבען זיך אין אַמעריקא שוין געהאַט אויסגעפֿאָרמירט צוויי פּאָליטישע פּאַרטייען — די דעמאָקראַטישע אונ די רעפּובליקאַנער, לינקאָלן האָט געהערט צו דער צווייטער.

פֿון יענער צייט דערציילט זיך דער פֿאָלגענדער אַנעקדאָט. ביי דעם וואָהלונגס קאַמפּף איז איהם אויסגעקומען צו זיין אויפֿ'ן פֿעלד, וואו דרייסיג אַרבייטער האָבען געשניטען, ער האָט געוואָלט די אַרבייטער'ס שטימען געווינען, איינער פֿון די אַרבייטער האָט פֿאָרגעטרעטען אונ געזאָגט, אַז זיי וועלען זייערע שטימען געבען נור פֿאַר דעם, וואָס קאָנן זייער מלאכה, ד. ה., גוט שניידען. אַבראַאם האָט זיך באַלד גענומען שניידען, אונ האָט עס זעהר גוט געמאַכט, אונ אַלע אַרבייטער האָבען פֿאַר איהם זייערע שטימען געגעבען.

אַבראַאם, נאָכדעם אַלס ער איז אויסגעוואָהלט געוואָרען אַלס מיטגליעד אין דער געזעטצגעבונגס פֿערזאַמלונג, האָט שוין פֿעסט ערקאָנט זיינע כחות. ער האָט פֿון דעמאַלס אָן געהאַט אַ בעוואוסטע ציעל פֿאַר זיינע אויגען, אונ זיך פֿעסט בעשלאָסען צו אַרבייטען, אַלס געזעלשאַפֿטליכער טהעטיגער.

אויף דער ערשטער סעסיא, וואָס איז געווען אין וואַנדאַלי,

האָט ער וויינציג געערדט, אלץ איז איהם נאָך פרעמד געווען, און ער האָט געוואָלט פריהער זיך גוט בעקאַנען מיט זיינע אויפגאַבען. אויף אַלעמען, מיט וועלכער ער איז זיך אין יענער צייט צוזאַמען געקומען, האָט ער זעהר אַ אַנגענעהמען איינדרוק געמאַכט. נאָך דער ערשטער סעסיע איז ער אַ היים געפאָהרען קיין ניו-סאַלעם (אַנערך 100 מייל פון וואַנדאַלי) און זיך גענומען פאַרברייטען פאַר איין אַדוואָקאַט.

איין אַדוואָקאַט מיסטער דזשאָן סטיוואַרט, אויך איין מיט-גליעד אין דער געזעטצגעבונגס פערזאַמלונג, וואָס האָט זיך מיט אַבראַאַמ'ן בעקאַנט, האָט אויף איהם אַ ווירקונג געהאַט, אַז אבראַאם זאָל זיך אַדוואָקאַטעריי איבערגעבען ער האָט איהם אויך מאַטעריאֶליש געשטיצט און אַבראַאַם האָט זיך באַלד גענומען פלייסיג שטודירען יורידיע (די געזעטץ לעהרע) און דערביי פאָליטישע ביכער געלעזען. צו דעם אַלעס האָט ער צייט געהאַט נור ביי נאַכט, ביי טאָג איז ער געווען בעשעפטיגט מיט זיין ערשטער פּראָפעסיא פעלדמאָסטונג. אין דער זעלבער צייט איז ער צו'ם צווייטען מאָל געוואָהלט געוואָרען אַלס מיטגליעד פון דער געזעצבונג-פערזאַמלונג אין איללינאָיס. מיט דער צייט האָט ער אין דער פערזאַמלונג אַ שטאַרקען אַנטהייל גענומען ביי אַלע פאָרפאָלענדע פראַגען, און איז אין קורצען בעוואוסט געוואָרען אין גאַנצען שטאַאַט.

ביז דעם יאָהר 1837 האָט ער שטודירט און אין דעם זעלבען יאָהר ער האָט גליקליך געענדיגט און בעקומען אַ דיפלאָם אַלס אַדוואָקאַט. זיין גוטער פריינד, דער אַדוואָקאַט סטיוואַרט, האָט איהם צוגענומען פאַר אַ קאָמפּאַניאָן אין זיין קאַנטאָר אין דער שטאָדט ספרינגפילד, וואו אַהין, — אַיפּזעכליך צוליעב אַבראַאַמ'ס פּראָטעקציא, — איז איבער געטראָגען געוואָרען פון וואַנדאַלי די שטאַאַט רעזידענץ. אין דעם זעלבען פעריאָד האָט לינקאָלן אין דער פערזאַמלונג דאָס ערשטע מאָל אַרויס געטרעטען מיט אַ פּראָטעסט געגען דעם שקלאַווערייז סיסטעם, וואָס האָט נאָך געהערשט דעמאָלס אין די זיד-

אַמעריקאַנישע שטאַאַטען. *)

פֿיעל שטימען האָבען זיך שוין דעמאָלס געהערט געגען דער שקלאַווערײַ, נור די פּאַרטײַ. וואָס האָט געהאַלטען פֿאַר שקלאַווערײַ איז אַזוי מאָכטיג געווען אויף אַלע פֿערזאַמלונגען, אַז זי האָט דורך געפֿיהרט אַ רעזאָליוציע, וואָס ערקענט די אַלע, וואָס פּראָטעסטיערען געגען דער שקלאַווערײַ, פֿאַר פֿער־בראָכער אונ זינדיגער געגען דעם געזעץ.

דער קאָנגרעס אָבער אין וואַשינגטאָן איז אַזוי ווייט נישט געגאַנגען, ד. ה. ער האָט נישט געשטערט צו ריידען געגען דער שקלאַווערײַ, נור אויך דאָ איז די שקלאַווערײַ פּאַרטײַ אַזוי מאָכטיג געווען, אַז דער קאָנגרעס האָט גאָר אין אַכט ניט גענומען די רעדען אונ פּעטיציען פֿון די אַבאָליציאָניסטען (די געגנער פֿון שקלאַווערײַ).

אונ אין דער זעלבער צייט ווען די געזעץ־געבונגס פֿערזאַמלונג האָט ערקענט יעדען געגנער פֿון דער שקלאַווערײַ פֿאַר אַ פֿערברעכער — אין דער זעלבער צייט האָט אַבראַאַם אַרויס געטרעטען מיט אַ הויכען פּראָטעסט. דער פֿאַקט, אַז פֿון דער גאַנצער פֿערזאַמלונג איז נאָר, איינער אַ געוויסער סטאָן, מיטגעהאַלטען מיט איהם, צייגט אונז ווי עהרליך אונ ווי מוטהיג ביי דעם קאַמפּף פֿאַר דער גערעכטיגקייט אַבראַאַם איז געווען. זיין געפֿיהל האָט איהם געצוואונגען צו רעדען, האָטש אַלע זענען געווען געגען איהם!

אָט דאָס איז געווען ערשטער אַבראַאַמ'ס שריט ביי דעם קאַמפּף געגען דער שקלאַווערײַ, וועלכען ער האָט זיין גאַנץ לעבען אַזוי העלדיש געפֿיהרט, אונ וועלכער האָט זיך

---

*) נאָך אין יאָהר 1820 האָט מען פֿיעל גערעדט וועגען דער שקלאַווען פֿראַגע. אַם ענדע האָבען די נעגען פּאַרטייען צוזאַמענגערופֿען אַ קאָנגרעס, וועלכער איז געקומען צו פֿאָלגענדער איינוויליגונג (זי איז בעקאַנט מיט דעם נאָמען די מיססורישע איינוויליגונג), לויט וועלכער עס איז בע־שטאָטיגט געוואָרען גראָניצען וואו, די שקלאַווערײַ איז ערלויבט געווען. פֿון יענער צייט אָן איז די שקלאַווערײַ אויף געזעצליכען גרונד געבליבען אין זיד אַמעריקא. די נאָרד־אַמעריקע אָבער איז בעפֿרייט געוואָרען.

געענדיגט מיט דעם זיעג פֿון דער גערעכטיגקייט, מיט דער בעפֿרייאונג פֿון די שקלאַווען.

---

## פינפטעס קאפיטעל.

אבראַאם האָט זיך אָנגעהויבען ערנסט צו בעשעפֿטיגען מיט זיין נייעם פֿאַך, אַלס אַדוואָקאַט אין ספרינגפֿילד, וואו ער האָט געאַרבייט צוזאַמען מיט סטיואַרט׳ן, וועלכער האָט אָנגעהויבען צו בעמערקען, אַז פֿעראייניגען זיך מיט אַבראַאמ׳ן, קאָנן פֿאַר איהם זעלבסט, פֿאַר סטיואַרט׳ן, זעהר נוצליך זיין, ווייל אַבראַאם איז אַלץ מעהר און מעהר פּאָפּוליאָר געוואָרען מיט זיין פּאָליטישער טהאָטיגקייט.

אַבראַאם איז דערווייל צו׳ם צווייטען מאָל געוואָהלט געוואָרען אין דער געזעטצגעבונגס פֿערזאַמלונג. זייענדיג אין דער פֿערזאַמלונג אַכט יאָהר איז ער בעקאַנט געוואָרען שוין איבעראַל מיט איין אָראַטאָרישען טאַלאַנט, און איז געוואָרען דער אַנפֿיהרער פֿון זיין פּאַרטיי. ווי עס פֿערציילען די, וואָס האָבען איהם דעמאָלס געקאָנט, האָבען זיך זיינע רעדען דעמאָלס איבערהויפּט אויסגעצייכענט מיט פֿיעל אָרגומענטען, מיט קלאָרהייט און מיט יומאָר. מיט זיין יומאָר איז ער איבער געגאַנגען די סאַמע ערנסטע לייט.

אויך אַלס אַדוואָקאַט איז אַבראַאם בעריהמט געוואָרען אין ספרינגפֿילד. סטיואַרט׳ס קאָמפּאַניאָן איז ער געבליבען ביז אין יאָהר 1840, נאָכדעם האָט ער זיך פֿערבונדען מיט אַ ריכטער לאָגאַן, און דערנאָך מיט זיינעם אַ גוטען פֿריינד, ג ע ר נ ד א ן.

נישט נור אַלס פּאָליטיקער האָט אַבראַאם מיט אַזא קראַפֿט, מיט אַזא ענערגיע געפּרעדיגט זיינע הומאַנישע פּרינ־ציפּען, ווי די אונטערבערענגונג דער שקלאַווערייַ, ער איז אויך

אין זיין פּראָפעסיע אַלס אַדוואָקאַט געבליעבען טריי זיינע מענשליכע געפיהלען און די מאָראַלישע פּרינציפּען, ער האָט קיינמאָל נישט אָנגענומען קיין משפּטים, וואָס זענען געווען ניט גאָר ראַיעל, ער האָט נאָר פערטהיידיגט אַזוינע קליענטען, אין וועלכע ער איז געווען איבערצייגט אין זייער גערעכטיגקייט. איבערהויפּט האָט ער מיט חשק אָנגענומען צו פערטהיידיגען בעליידיגטע און אונטערגעדריקטע פון שטאַרקע מענשען.

איינמאָל איז צו איהם אין קאָנטאָר אריין געקומען אַ קליענט און געבעטען, אַז ער זאָל אָננעמען זיין משפט דורך צו פיהרען. נאָכדעם ווי דער מאַן האָט אַלץ גענוי איבער־געגעבען, וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך, האָט זיך אַבראַאַם אויפגעשטעלט און זיך געווענדעט צו'ם קליענט מיט פאָלגענדע וואָרטער: „יאָ, איך וואָלט געווים געוואונען אייער משפּט. איך קאָן אַוועקרייסען פון איין אַלמנה מיט 6 קינדער 600 דאָלאַר, און אייך איבערגעבען דאָס געלד, אויף וועלכען די אַלמנה מיט איהרע קינדער האָט נישט ווייניגער רעכט אַלס איהר. איהר ברויכט וויסען, אַז נישט אַלס וואָס מען קאָן לויט דעם געזעץ טהון טאָג מען טהון. איך וועל אייער משפּט נישט אָננעמען, נור איך וועל אייך געבען אומזיסט איין עצה, וואָס קאָנן אייך ניצליך זיין: פּרובט אייך צו געווינען זעקס הונדערט דאָלאַר עפּים דורך איין אַנדערען וועג.

אַ מאָל ווידער האָט אַבראַאַם צוזאַממען מיט נאָך אַדוואָקאַטען פערטהיידיגט אַ מענשען, וועלכער איז פערקלאָגט געווען אַלס מערדער, אין מיטען איז אַבראַאַם געוואָהר געוואָרען, אַז זיין קליענט איז ווירקליך אַ מערדער, האָט ער זיך אָבגעזאָגט און נישט געוואָלט מעהר איין אַנטהייל נעמען אין דער זאַך.

איינמאָל איז צו איהם אַריינגעקומען איין אָרומע אַלטע פרוי, אַ נעגרין, און געבעטען, אַז ער זאָל איהר רעטען איהר זוהן, איהר איינציגעס שטיצער, וועלכען מען האָט אַרעטירט אין ניי־אָרלעאַן, ווי נור ער איז אַרוים פון דער שיף אויפ'ן ברעג. דעמאָלס האָט אין אַמעריקא נאָך געהערשט דאָס אונמענשליכע

געזעץ, לויט וועלכען מען האָט געהאַפּט יעדען נעגער, וואָס איז אַראָב פון דער שיף, און צו גענומען אַלס שקלאַוו ביז וואַנען מען האָט איהם פאַר געלד אויסגעקויפט. לינקאָלן, נישט פערדי־ענענדיג דערביי איין סענט, האָט אָנגעווענדעט אַלע מאָגליכע מיטעל צו בעפרייען דעם נעגער, ער האָט זיך זאָגאַר געווענדעט צו׳ם גובערנאַטאָר פון דער שטאַאט. און דער נאָך אַז דאָס אַלעס האָט נישט געהאָלפען, האָט ער צוזאַמען מיט זיין קאָמפּאַניאָן פאַר אייגען געלד דעם נעגער אויסגעקויפט.

אין עטליכע יאָהר אַרום נאָך זיין אָנקומען קיין ספּרינג־פילד האָט אַבראַאם געפיהרט אַ משפט, וואָס האָט איהם זעהר בעקאַנט געמאַכט. די זאַך איז אַזוי געווען: אַ יונגער מענש, מיט׳ן נאָמען אַרמסטראָנג, איין איינציגער זוהן ביי אַלטע עלטערן, ביי וועלכע אַבראַאם האָט אַ מאָל געדיענט אַלס אַרבייטער, איז געווען בעשולדיגט אין אַ מאָרד און איז געוועזען איינ־געזעצט אין טיורמא. אַבראַאם איז נור דער פון געוואהר געוואָרען, האָט ער באַלד אָנגעשריעבען אַ בריעף צו דעם יונגענמאַנ׳ס אַלטערען און פאַר געלייגט, אַז ער וויל פערטהיידיגען זייער זוהן, געדענקענדיג זייער גוטסקייט צו איהם אין זיין שווערער צייט.

אַז אַבראַאם האָט זיך בעקאַנט מיט דער גאַנצער זאַך האָט ער זיך איבערצייגט, אַז דער יונגער מענש איז ווירקליך אונשולדיג, אַז דאָס איז אַ בלבול, וואָס איניגע שלעכטע מענשען האָבען צוזאַמען עקסטראַ אָנגעמאַכט; נור אַזוי ווי די אַלגעמיינע מיינונג איז געווען זעהר אויפגערעגט געגען דעם יונגען מענשען, וועלכען מען האָט ערקאַנט אַלס ווירקליכען מערדער, דעריבער האָט אַבראַאם צום ערשטען געסטאַרעט זיך, אַז דער משפט זאָל ווערען דערווייל אָבגעלייגט אויף אַ צייט, און אַז עס זאָל ווערען איבערגעטראָגען אין איין אַנדער בעצירק. ביי דעם געריכט, האָט דער הויפּט עדות אַ פערזאָנליכער פיינד פון דעם בעשולדיגטען, געזאָגט, אַז ער האָט אַליין געזעהען, ווי דער יונגער מענש האָט ביי דעם געשלאָג אין דער גאַס אַריין געשטעקט אַ מעסער אין האַרץ פון דעם געהאַרגעטען; ער האָט אויך געזאָגט, אַז ער געדענקט

זאָגאַר זעהר גוט אַלע אומשטאַנדען פון דעם מאָרד, ער האָט אויך בעשטימט די צייט — האַלב צעהן אויף דער נאַכט, אונ געדענקט אפילו, אַז די לבנה האָט דעמאָלס העל געשיינט. אבראַאם האָט שטרענג געקריטיקירט די בעווייזונגען פון דעם עדות אונ פלוצים האָט ער געפאָדערט אַ קאַלענדאַר אונ האָט אויסגעוויזען, אַז אין דעם זעלבען טאָג איז די לבנה אויפגעגאַנגען ערשט 11 אוהר. דער אויסווייזונג האָט איין אונגעהייערען איינדרוק געמאַכט אויף די ריכטער, באַלד האָבען זיי בעפרייט דעם בעשולדיגטען, אונ דער פאַלשער עדות איז קוים אַ לעבענדיגער אַהיים געגאַנגען פון געריכט, דאָס פובליקום האָט איהם געוואָלט צערייסען אויף'ן אָרט.

פון דעם משפט אָן איז אַבראַאם זעהר בעקאַנט געוואָרען אין גאַנצען שטאַאט פאַר איינעם פון די בעסטע אַדוואָקאַטען.

אונ דאָך ביי דעם אַלעם האָט ער נישט זעהר פיעל פער־דיענט. אין אָנהייב האָט ער זאָגאַר קיין אייגען פערד נישט געהאַט, האָטש ער האָט געדאַרפט מאַנאַטען וויז אַרום רייזען אויף'ן פראָווינץ זוכען בעשעפטיגונג אַלס אַדוואָקאַט, ווי עס האָבען זיך דעמאָלס אַלע אַדוואָקאַטען געפיהרט. דער נאָך האָט ער זיך שוין ערוואָרבען אַ פערד, נור אומגעגאַנגען מיט דעם פערד איז ער אַליין, אַליין עס געפוצט, איינגעשפאַנט, אויס־געשפאַנט א. ז. וו.

אַזוי האָט אַבראַאם אַרום גערייזט, אַליין אָנטרייבענדיג דאָס פערד, אונ דערביי נישט אַוועק געוואָרפען זיין אַלטע געוואָהנהייט, — לעזען, ווען עס איז נור געווען אַ פרייע מינוט.

אַבראַאם איז אַלץ מעהר אונ מעהר פאָפולער געוואָרען, בעזאָנדערס צווישען פראָסטען פאָלק, וואָס האָט אין איהם געזעהען איין איינפאַכען גוטען אונ אָפּענהאַרציגען מענש. ער איז געווען איינפאַך, גוט אונ עהרליך, אונ געריכטעט זיך נור אַזוי, ווי זיין אָרענטליכקייט אונ שכל האָבען איהם דיקטיערט.

ביי זיין אַרום רייזען אויף'ן פראָווינץ שוין אַלס אַדוואָקאַט, האָט ער זיך אַלץ געפיהרט ווי אַ געוואָהנליכער פראָסטער מענש. נישט זעלטען אין מיטען וועג, האָט ער אָבגעשטעלט זיין

פערדעל, אַז ער איז דורך געפאָהרען דורך אַ וואַלד, און געזעהען וואו אַרבייטער מאַטערט זיך אומצוליגען אַ הויבען בוים אין וואַלד, האָט ער גענומען די האַק אין דער האַנד און גלייך דעם בוים צערהאַקט אויף צוויי העלפטען.

אין דער זעלבער צייט האָט ער נישט פערגעסען אין זיינע עלטערן, ער האָט זיי פערזאָרגט מיט אַלעס, וואָס זיי האָבען געברויכט. נאָך פון זיינע ערשטע פערדיענסטען אין ספרינגפילד האָט ער געקויפט אויף זיין שטיפמוטערס נאָמען 160 אקערס ערד (אַנ׳ערך פון 50 דעסיאַטען), און דערביי געזאָגט זיינע גוטע פריינד, אַז דאָס איז זעהר אַקאַרגע בעצאָהלונג, פאַר דאָס גוטס, וואָס ער האָט דער פרוי צו פערדאַנקען.

אין נאָוועמבער 1842 האָט לינקאָלן געהייראַטעט מיט מיסס מערי טאָדד, אַ טאָכטער פון אַ מיטגליעד אין דער געזעצגעבונגס פערזאַמלונג פון שטאַאַט קענטוקי און עטליכע יאָהר האָט ער אַ גליקליך פאַמיליען לעבען דורך געלעבט. נור באַלד האָט זיך אַבראַאַם געמוזט אָבזאָגען פון רוהיגען פאַמיליען לעבען: די טהאָטיגקייט פיר דעם כלל, האָט געדרויבט ביי זיין גאַנצע אויפמערזאַמקייט, צייט און ענערגיע. איהם איז פאָרגעשטאַנען האָטש זעהר אַ בעריהמט לעבען, נור אויך זעהר און זעהר אַ שווערס, ער האָט געמוזט מקריב זיין די פערגעניגען פון פאַמיליען־לעבען צוליעב דער געזעללשאַפטליכער נוטץ.

# זעקסטעס קאַפּיטעל.

אין אַכט יאָהר אַרום, אין פערלויף, ווען לינקאָלן איז געוועזן אַ מיטגליעד אין דער פערזאַמלונג אין איללינאָיס, איז איהם פאָרגעקומען צו מאַכען אַ נייעם, גרויסען שריט אין זיין פּאָליטישער טהעטיגקייט.

אין דער זעלבער צייט איז בעוואוסט געוועזן אין די פערייניגטע שטאַאטען, אַלס איינער פון די פאָרנעמסטע רעגירונגס מאָננער, קלעי, וועלכען די אַנטי-שקלאַווערי פּאַרטייי האָט געוואָלט וועהלען פאַר פּרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאַאטען. אַבראַאם האָט זעהר געאַכטעט קלעי'ן און ער האָט אַגיטירט אין שטאַאט איללינאָיס פאַר קלעי'ן. די רעדען, וואָס ער האָט געהאַלטען אין דער זעלבער צייט פאַר קלעי'ן, אָבוואָהל זיי האָבען צו'ם צוועק נישט געבּרענגט, דען קלעי איז נישט געוועהלט געוואָרען פאַר פּרעזידענט, דאָך האָבען זיי אַזוי פּאָפּולאַר געמאַכט אַבראַאם'ן אין שטאַאט איללינאָיס, אַז אין יאָהר 1846, איז ער געוועהלט געוואָרען פון שטאַאט איללינאָיס אַלס מיטגליעד אין וואַשינגטאָנער קאָנגרעס. *)

דער פאַקט איז נישט געוועזן אַ פאָרשריט בלויז פאַר אַבראַאם'ן, נור אויך אַ גרויסע פאָרשריט פאַר זיין פּאַרטייי, וועלכע האָט אַלץ מעהר און מעהר ענערגיש גענומען קאָמפּפען געגען דער שקלאַווערייי.

אין דעקאַבער פון יאָהר 1846 האָט אַבראַאם פערנומען

---

*) די אָבּעררעגירונג פון די פעראייניגטע שטאַאטען הייסט קאָנגרעס. דער קאָנגרעס בעשטעהט פון אַ סענאַט און אַ פּאַרלאַמענט. אין דעם לעצטען, איז אַבראַאם גע'זאָהלט געוואָרען.

זיין אָרט אין פּאַרלאַמענט, אונ ער האָט זיך באַלד געלאָזט הערען דאָרט פון דער טריבונע. עס האָט זיך געהאַנדעלט אין דער מלחמה, וואָס די פעראייניגטע שטאַאטען האָבען דעמאָלס געפיהרט מיט מעקסיקאָ, וועגען דעם געגענד טעחאַס. טעחאַס האָט זיך גערעכענט אונטער מעקסיקאָ'ס שוטץ, נור אין דער לעצטער צייט האָבען די אַמעריקאַנער עס אָנגעהויבען צו פֿערנעמען אין זייערע האַנד. אונ אַזוי ווי דער געגענד טעחאַס איז געווען זעהר אַ גוטער פונקט פאַר די שקלאַווען האַנדלער, זענען זיי געווען פאַר דער מלחמה; די אַנטי-שקלאַווערײַ פּאַרטיי דאַגעגען, האָט פּראָטעסטירט געגען דער מלחמה.

זעלבסט פערשטענדליך איז אַבראַאם אין זיין ערשטער רעדע אַרויסגעטראָטען געגען דער מלחמה מיט מעקסיקאָ. זיין רעדע איז געווען אַזוי גרינדליך אונ ערנסט, אַז ער האָט באַלד אויף זיך אויפמערקזאַם געמאַכט דעם פּאַרלאַמענט, אונ האָט אַ שטאַרקען קלאַפּ געגעבען דער שקלאַווערײַ פּאַרטיי. נאָך פיעל אַרבייט אונ מיה האָט אַבראַאַם'ן מיט זיין פּאַרטיי געלונגען צו מאַכען מיט דער געגען פּאַרטיי אַ קאָמפּראָמיס (אַ פּשרה), לויט וועלכען די שקלאַווערײַ איז ערלויבט געוואָרען נור אין אַ טהייל פון טעחאַס, אין דער אַנדערער טהייל איז די שקלאַווערײַ פערבאָטען געוואָרען. דער קאַמפּף מיט דער שקלאַווערײַ פּאַרטיי איז נישט בעשטאַנען בלויז אין דער טעחאַס-פראַגע. די זעלבע פּאַרטיי האָט זעהר ענערגיש געאַרבייט, אין פּאַרלאַמענט האָבען זיי פערלאַנגט, אַז די שקלאַווערײַ-סיסטעם זאָל געזעצליך ערקענט ווערען אויך אין די נייע פעראייניגטע שטאַאטען. אַבראַאַם מיט זיין פּאַרטיי האָבען אָבגעווערט דעם פּראָיעקט, ווי ווייט עס איז נור מעגליך געווען, אונ אין די נייע געגענדען איז די שקלאַווערײַ ניט אין גאַנצען איינגעפיהרט געוואָרען.

דער לעצטער פונקט, צו וועלכען די שקלאַווערײַ פּאַרטיי האָט געציעלט, אונ אין וועלכען עס איז איהר מעהר ווי אין אַלעס געגאַנגען, איז געווען די בעשטעטיגונג פון אַ געזעץ, לויט וועלכען מען האָט געזאָלט פערווערען צו האַלטען אונ

בעשיצען די שקלאַווען, וואָס זענען אַנטלאָפען אין די פרייע געגענדען, און לויט וועלכען יעדער איינוואָהנער האָט געזאָלט זיין מחויב געזעצליך אומצוקעהרען די ענטלאָפענע נעגרען צו זייערע ווירטהען. דיעזעס אונמענשליכעס געזעץ האָט פערשאַפט אונבעשרייבליכע ליידען. אט וואָס לעלאנד, — א געוויסער שרייבער און ביאָגראַף פון לינקאָלן, — פערצייהלט וועגען דעם: „אין דער זעלבער צייט ווען מען האָט נישט געשפאָרט קיין מיה און אַנשטרענגונגען צו חאַפּען און אומצו־קעהרען די ענטלאָפענע נעגרען, האָט קיינער גאָר ניט געקלעהרט צו פערטהיידיגען די אָרומע פרייע נעגרען, וואָס מען האָט פון די זעלבע שטאַאטען מיט געוואַלד געחאַפּט און געפיהרט קיין דרום און דאָרט זיי פערקויפט פאַר שקלאַווען. מען פערצייהלט, אַז אין פענסילוואַניען איז אין אַ געוויסע צייט איין טאָג נישט אַדורך אָהן אַזא גוואַלדהייט געגען אַ וועלכען עס איז אונגליקליכען נעגר". ווייטער פערצייהלט לעלאַנד, אַז ער האָט „געקענט אַ יונגעל אַ ווייסען לויט געבורטה, נור מיט אַ שוואַרצען געזיכט, וועלכען מען האָט שיער נישט געחאַפּט און אַוועקגעפיהרט צו פערקויפען אין די דרום־שטאַאטען".

אויבוואָהל די שקלאַווערייפּאַרטיי האָט נישט אין גאַנצען ערהייכט איהר ציעל, דאָך האָט זי נישט פערלוירען דעם קוראַזש. זי האָט זיך זעהר ענערגיש פאָרגעברייט צו אַ ווייטערען קאַמפּף. אַ צייט האָט זיך אַלץ אויס געזעהען רוהיג, נור דאָס איז געווען אַ שטילהייט פאַר אַ גרויס געוויטטער: די דרום׳ער שקלאַווען ווירטהען און זייערע צפון׳ער נעגנער האָבען זיך פאָרגעברייט אויף אַ מלחמה אויף טויט און לעבען.

נאָך דער ערשטער סעסיע אין קאָנגרעס, אין דער צייט ווען ער האָט איין אַנטהייל גענומען אין פיעל דעבאַטען און האָט זעהר גיך געשטיעגען אין דער מיינונג פון די מיטגליעדער אין פּאַרלאַמענט, איז ביי לינקאָלן געבליעבען

אויף די אַנדערע צוויי יאָהר נישט באַלאָטירט צו ווערען*), און מיר געפינען איהם שוין ווידער אין ספרינגפילד, וואו ער פערנעמט זיך אַלס אַדוואָקאַט און אַרבייט זעהר פיעל איבער זיין ווייטערער גייסטליכער ענטוויקלונג; ער האָט געהאַלטען פאַר נייטהיג זיך ווייטער אויס צו בילדען, נאָך דעם ווי ער האָט זיך בעקענט מיט די הויך געבילדעטע רעגירונגס־מאָננער אין וואַשינגטאָן. „עס איז מאָגליך" — זאָגט איינער פון זיינע ביאָגראַפען, — אַז ער האָט שוין געזעהען די נאָהנטקייט פון די גרויסע קריעג פון צפון און דרום, און ער האָט זיך געוואָלט פאָרברייטען אין איהר איין אַנטהייל צו נעמען".

ער האָט פאָרלייפיג, ווי עס זעהט אויס, אין גאַנצען זיך נישט אָבגעגעבען מיט דער פּאָליטיק, נור אַז דוגלאַס, דער פאָרשטעהער פון דער געגען פּאַרטיי, האָט געהאַלטען אַ רעדע ערגיץ אין שטאַאט אילינאָיס, פון וואַנען ער איז געווען געוואָהלט אין סענאַט אין וואַשינגטאָן, און האָט געשיצט אין דער רעדע די שקלאַווערייַ, האָט לינקאָלן באַלד דער נאָך געהאַלטען אַ רעדע דאַגעגען. אויסער דעם האָט ער איין אַנטהייל גענומען אין פערשיעדענע געזעלשאַפטליכע בעוועגונגען פון שטאַאט. אין די איבריגע צייט האָט ער זיך בעשעפטיגט מיט זיין פּראָפעסיע און מיט זיין ווייטערער אויסבילדונג.

איין ענערגישער פאָרשריט פון דער שקלאַווערייַ פּאַרטיי האָט באַלד אָבגעריסען לינקאָלנ'ן פון זיינע בעשעפטיגונגען, און איהם געצוואונגען ווידער אַרויס צו טרעטען אויף דער פּאָליטישער אַרענע. אין יאָהר 1854 האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען דעם פּראָיעקט פון דוגלאַס, לויט וועלכען די פערייניגטע שטאַאטען האָבען זיך נישט מעהר צערטהיילט ווי פריהער אויף פרייע און נישט־פרייע, ד. ה. אויף אַזעלכע, וואו די שקלאַווערייַ איז פערבאָטען און אויף אַ זעלכע, וואו זי איז פערווערט; דאָס נייע געזעץ האָט ערלויבט און ערקענט

*) יעדער מיטגליעד פון פּאַרלאַמענט איז יעדע צוויי יאָהר אויף דאָס ניי באַלאָטירט געוואָרען.

געזעצליך די שקלאווערייא אין אלע שטאאטען.

ביז אהער זענען די בעוואהנער פון די צפון שטאאטען געווען אללע נעגען דער שקלאווערייא, נור דער שלום איז ביי זיי געווען טהייערער פאר אלעס אונ איבער דעם האבען זיי זיך נישט אויסגעשפראכען אין גאנצען אונטער צוברעכען די שקלאווערייא, אונ ווען עס וואלט געבליבען ביי׳ם אלטען, וואלטען זיי רוהיג געבליעבען, נור דאס נייע געזעטץ האט זיי געצייגט, אז די שקלאווערייא פארטייא בעגניגט זיך נישט מיט די ביזהעריגע רעכטע, אונ וויל איינפיהרען אין אללע פעראייניגטע שטאאטען, אונ זיי האבען זיך גענומען ענערגיש צו קאמפפען געגען דעם.

לינקאלן האט זעהר גוט פערשטאנען, אז אויב מען וועט יעצט נישט צוריקהאלטען די שקלאווערייא פארטייא, מוז ארויס קומען א קריעג, וועלכער קאנן פיעל שאדען ברענגען זיין פאטער לאנד; ער האט גאנץ גוט געזעהען, וואס עס שפינט זיך אונ וועבט זיך אין דער שטיל — אונ מיט זיין גאנצע ענערגיע האט ער גענומען פראטעסטירען געגען דעם נייעם געזעטץ. צו׳ם ערשטען האט ער פערפאלגט דוגלאס׳ן, וואס איז דעמאלס צוריק געקומען פון וואשינגטאן אונ האט געהאלטען אין ספרינגפילד א רעדע, אין וועלכער ער האט געשיצט דאס נייע געזעטץ. לינקאלן האט באלד דער נאך איהם געאנטפערט, אונ, לויט ווי מען פערציילט, האט זיין׳ס א רעדע נאך קיינמאל זיך נישט אויסגעצייכענט מיט אזא קראפט אזוי ווי די לעצטע, אזוי אז ער האט צערקלאפט די אללע אויסוויזונגען פון דוגלאס׳ן, נור ער האט זיך נישט בעגניגט מיט דער איינער רעדע, ער איז נאך נעפאהרען דוגלאס׳ן, אונ וואו נאר דער לעצטער האט א רעדע געהאלטען, האט לינקאלן זיך געצייגט אונ האט אויסגעוויזען דאס גאנצע געפאהר, די קריעג, וואס דאס נייע געזעטץ וועט פעראורזאכען, אונ זיינע רעדען האבען אזא ווירקונג געהאט, אז די געגען פארטייא (זי האט זיך דעמאלס גערופען „די דע-מאקראטישע״; די פארטייא וואו לינקאלן איז געווען האט זיך גערופען „די רעפובליקאנער״) איז בעזיעגט געווארען אין שטאאט

איללינאיס, אונ די רעפּובליקאַנער האָבען איינגערעדט לינקאָלן ווידער איינצוטרעטען אין קאָנגרעס, אונ אין יאָהר 1855 איז ער אויסגעשטעלט געוואָרען אַלס קאַנדידאַט אין סענאַט.

אַם ענדע אָבער האָט ער זיך אָבגעלאָזט פֿון דער קאַנדידאַטור, אונ אָבגעטרעטען זיין אָרט איין אַנדערען פֿאַר־שטעהער פֿון זיין פאַרטיי, וועלכער האָט מעהר שאַנסען געהאַט געוואָהלט צו ווערען, אונ צו בעזיעגען דוגלאס׳ן; אַבראַאַם׳ס פּאַרטיי האָט ווידער געהאַט דאָס געלעגענהייט זיך איבערצו־ציינען אין אַבראַאַם׳ס איבערגעבענהייט צו די אַלגעמיינע אינ־טערעסען, אַז ער קאָמפּפֿט נישט פֿאַר זיך, נישט פֿאַר דעם ער זאָל געוואָהלט ווערען, נור זיין פּאַרטיי אַ נוטץ צו ברענגען. די רעפּובליק, וועלכע האָבען זיך אויף דאָס נייע אָרגאַניזירט אונטער דעם נאָמען „די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי״, האָבען באַלד נאָך דעם ערקענט אַבראַאַם׳ן אַלס דעם אַנפֿיהרער פֿון זייער פּאַרטיי.

אין יאָהר 1856, אַז מען האָט אַ נייעם פּרעזידענט געוואָהלט, איז אַבראַאַם זעהר איבעראַשט געוואָרען מיט דעם, וואָס מען האָט איהם אויסגעשטעלט פֿאַר קאַנדידאַט אַלס וויצע־פּרעזידענט, אונ אָבוואָהל, ער איז דעמאָלס נישט געוואָהלט געוואָרען, דאָך האָבען די שטימען, וואָס מען האָט געגעבען פֿאַר איהם, געצייגט, ווי זיין פּאָפּולאַריטאָט איז געוואַקסען פֿון טאָג אויף טאָג. ער האָט אַ גרויסען אַנטהייל גענומען אין די וואָהלונג׳ס קאָמפּאַניע, זעהר פֿיעל רעדען געהאַלטען געגען דער פֿער־שפּרייטונג פֿון דער שקלאַווערײַ, איינע פֿון יענע רעדען האָט זיך געענדיגט מיט פֿאָלגענדע וואָרטער: — „יאָ, מיר וועלען קאָמפּפֿען פֿאַר דער פֿרייהייט, געגען דער שקלאַווערײַ, אַזוי לאַנג ווי די קאָנסטיטוציא וועט לאָזען פֿריי רעדען, אונ ביז וואַנען מיר וועלען נישט דער גרייכען אונזער ציעל, אַז אויף אונזער גאַנצען גרויסען לאַנד, אונטער די שטראַהלען פֿון דער זונן אונ אונטער דעם רעגען, זאָל אַרוים געהען אויף דער אַרבייט נור אַ פֿרייער אַרבייטער״.

די געגען אינטערעסען פֿון די פּאַרטייען האָבען זיך אין

דער צייט אַלץ מעהר פערוויקעלט. נאָך דעם ווי דוגלאַס'ס ביל (פראָיעקט) איז אַ געזעץ געוואָרען, און די שקלאַווערײַ איז אומעטום ערלויבט געוואָרען, האָבען די רוהיגע איינוואָהנער פון שטאַאַט קאַנזאַס אָנגעהויבען צו שפּירען די אַלע שלעכטע פאָלגען פון דעם געזעץ.

נעבען קאַנזאַס געפינט זיך דער שטאַאַט מיססורי, פון וועלכען די איינוואָהנער זענען געווען פאַר דער שקלאַווערײַ, און די דרום'שע פּאַרטײַ האָט פון דאָרט אַריינגעשיקט קיין קאַנזאַס גאַנצע פּאַרטייען „גרעניץ רוצחים". אלס פריעדיגע עמיגראַנטען זענען זיי אָנגעקומען אויף אַ צייט אין קאַנזאַס און האָבען געגעבען זייערע שטימען פאַר דער ערלויבונג פון דער שקלאַווערײַ אין דעם שטאַאַט, אויסער דעם זענען זיי בעפאַלען די איינוואָהנער, וואָס האָבען געגעבען שטימען געגען דער שקלאַווערײַ, און דאַדורך געמאַכט אונמאָגליך אָבצוּוואָהרען דעם שטאַאַט פון שקלאַווערײַ. דאַגעגען ווידער האָט די אַנטי-שקלאַווערישע פאַרטײַ אָנגעשיקט קיין קאַנזאַס מיליטאָר אָבוועהרען די איינוואָהנער פון די „גרעניץ רוצחים". אַ פאָר יאָהר נאָך איינאַנדער האָבען די געגען פאַרטייען געשטרייט אין קאַנזאַס מיט געוואַלט, ביז וואַנען קאַנזאַס איז געוואָרען אַ שטאַאַט פאַר זיך, און מיט דער קאָנסטיטוציע איז די שקלאַווערײַ פערבאָטען געוואָרען. עס פערשטעהט זיך, אַז דאַדורך איז דער האַס צווישען די נאָרדיאַנער (איינוואָהנער פון נאָרד) און זידיאַנער (איינוואָנער פון זיד) צווישען די געגען פאַרטייען נאָך גראָסער געוואָרען. פאָלגענדער פאַקט קען צייגען ווי ווייט דער האַס האָט דערגרייכט. איינער פון די בעריהמטסטע סענאַטאָרען, זאָנער פון שטאַאַט מאַססאַטשוזעטס, האָט אין זיינ'ס אַ רעדע בעליידיגט איין אנדערען סענאַטאָר, בוטלער פון דרום קאַראָלינאַ, בוטלערס אַ חבר, ברוקס, אויך פון דרום קאַראָלינאַ, (וואו די שקלאַווערײַ איז געווען פערשפּרייט) האָט זיך בעלעדיגט פאַר זיין חבר און האָט דעם אָראַטאָר געגעבען אַזאַ שטאַרקען קלאַפּ מיט אַ שטעקען, אַז יענער האָט זיך געהאַלטען אַ לאַנגע צייט דער מיט.

אין 16-טען יוני 1858 האָט זיך אין ספּרינגפילד פערי

זאַמעלט די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי, וואו אַבראַאַם לינקאָלן איז צו'ם צווייטען מאָל געשטעלט געוואָרען פאַר קאַנדידאַט אויף סענאַטאָר, אונ אויסגיוואָהלט גיוואָהרען. אין צווייטען אָבענד נאָכ'ן אויסוואָהלען האָט אַבראַאַם געהאַלטען זיין בעוואוסטע רעדע, וואָס איז בעקאַנט אין אַמעריקע מיט דעם נאָמען „די מחלוקות אין הויז".

אָט דאָס איז דער אָנהייב פון דער רעדע: „ווען מיר וואָלטען געוואוסט, וואו מיר געפינען זיך אונ צו וואָס מיר שטרעבען, דאַנן וואָלטען מיר בעססער געקאָנט בעשטימען, וואָס מיר האָבען צו טהוען. שוין 5 יאָהר נעמט אָן אונזער געגען פּאַרטיי אַללערליי מיטלען צו שטילען די אויפרעגונג אונ קריעג, וואָס שטערט די רוהה אין אונזער לאַנד צוליעב דער שקלאַווערייפראַגע. אונזער געגען אָבער פּאַרטיי האַלט זיך דערביי אַ געוויססער פּאָליטיק. נור די פּאָליטיק נישט נור זי האָט נישט פערבעסערט די לאַגע, געשטילט די אויפרעגונג, נור פערקעהרט, נאָך פערשטאַרקט. לויט מיין מיינונג, וועט זיך דיזאָך נישט אַנדערש ענדיגען, ביז מיר וועלען אַ קריזיס דורכלעבען. דאָס הויז, אין וועלכען עס איז שטענדיג נור מחלוקת, קאָנן נישט פלאַץ האַלטען, מוז פאַללען, צעשטערט ווערען, איך רעכען, אַז די היינטיגע רעגירונג, וואָס וואַרפט זיך צווישען שקלאַווערייַ אונ פרייהייט, קאָנן נישט לאַנג עקזעסטירען, איך ווארט נישט דאַרויף, אַז דער בונד פון די שטאַאַטען זאָל צעפאַלען, איך האָב נישט קיין מורא, אַז דאָס הויז זאָל נישט איינפאַללען, נור איך בין איבערצייגט, אַז די מחלוקת אין איהם וועלען אויפהערען, איינס פון די צוויי קאָן זיין: אָדער די פיינד פון די שקלאַווערייַ וועלען זיעגען אונ וועלען די שקלאַווערייַ אין גאַנצען פערניכטען אָדער — די שקלאַווערייַ פּאַרטיי וועט זיעגען אונ וועט די שקלאַווערייַ בעפעסטיגען אונ פערשפּרייטען אומעטום, אין אַלע שטאַאַטען — אין די אַלטע, ווי אין די נייע, אין די זיעדליכע, ווי אין די נאָרדליכע".

זיין רעדע האָט אַ שטאַרקע ווירקונג געהאַט, זיין פּאַרטיי

האָט איהם ערקאָנט אַלס איהר אַנפֿיהרער, אונ בײַ אַלע איז געבליבען די איבערצײַגונג, אַז די דרום'ע שטאַאַטען, װעלען אַלע מאָגליכקײטען טהון, די שקלאַװערײַ אומעטום צו ערקענען, אונ אויף'ן ערגסטען פֿאַל, װעלען זײ זיך פֿון בונד אָברײַסען.

צוזאַמען מיט אַבראַאַם'ן, האָט די צװײטער פּאַרטײ הערוים געשטעלט פֿאַר איהר קאַנדידאַט אַבראַאַם'ס אַלטען געגנער — דוגלאַס'ן. זײ בײדע זענען ארום געפֿאָהרען אין שטאַאַט אונ רעדען געהאַלטען, אין אײנער פֿון זײנע רעדען האָט דאָרט אַבראַאַם דײטליך אויסגעשפּראָכען, אַז מען ברויך די שקלאַװערײַ גאָנצליך אין אַלע שטאַאַטען פֿערבאָטען.

אײנענטליך איז אַבראַאַם געװאָהלט געװאָרען מיט אַ מעהרצאָל פֿון 4000 שטימען, נור אויפ'ן קאָנגרעס זענען כמעט אַלע פֿאָרשטעהער איבערבאַלאָטירט געװאָרען, אונ דאָ האָט מען דוגלאַס'ן אַנשטאָט אַבראַאַם'ן געװאָהלט. װעגען דעם פֿאַקט האָט זיך אַבראַאַם אַזױ אויסגעדריקט אין אַ געשפּרעך מיט זײַנ'ס אַ פֿרײנד: איך האָב דעמאָלס געשפּירט דאָס געפֿיהל, װי אַ אינגעל, װאָס מען האָט איהם אויפ'ן פֿוס אָנגע-טרעטען; דער װײטאָג איז צוגרוים געװען, אַז מען זאָל לאַכען קאָנען, צו װײנען װיעדער בין איך צו פֿיעל ערװאַקסען געװען.

זעהר האַראַקטעריסטיש איז דער קאָנטראַסט פֿון די קאָסטען אויף דעם װאָהלונגס קאַמפּף פֿון די בײדע געגנער קאַנדידאַטען, װאָס האָט געדויערט געגנוי 7 חדשים. דער רײכער דוגלאַס, װאָס איז ארום געפֿאָהרען, װי אַ קאָניג איבער'ן שטאַאַט, בעגלײט פֿון אַ גאַנצע סװיטע פֿרײנד, אין עקסטרע צוגען זאָגאַר מיט אײן אַרמאַט — האָט אויסגעבראַכט אויף רײזע קאָסטען ביז 50,000 דאָלאַר, דאַנעגען אַבראַאַם האָט אויסגעבערענגט נישט מעהר װי 500 דאָלאַר.

אין פֿערלויף פֿון צװײ יאָהר איז אַבראַאַם ארום געפֿאָהרען אין פֿערשיעדענע שטאַאַטען אונ האָט קענען געלערנט אַמעריקע, ער האָט דערבײ רעדען געהאַלטען אונ איז אַלץ מעהר אונ מעהר בעריהמט געװאָרען אין לאַנד.

אין יענער צײט האָבען זיך אַבראַאַם'ס פֿרײנד בעשלאָסען

איהם אַרויס צו שטעלען אַלס קאַנדידאַט אויף דער גרעסטער אַמט פֿון בונד, ד. ה. פֿאַר פּרעזידענט פֿון די פֿעראייניגטע שטאַאטען. אין 9-טען מאי 1860 האָבען זיך 5000 מאַן פֿער־זאַמעלט אין אַ הילצערנע געביידע, וואָס איז עקסטרע אויף געבויעט געוואָרען צוליעב דעם. דער גובערנאַטאָר פֿון שטאַאט איללינאָיס, וואָס איז געווען דער פּרעזידענט פֿון דעם מיטינג, האָט זיך געווענדעט צו'ם פּובליקום מיט פֿאָלגענדע וואָרטער: „צווישען אונז געפֿינט זיך דאָ יעצט איינער פֿון די ווערטהסטע בירגער פֿון אונזער שטאַאט, וועלכען מיר אלע ליעבען און פֿערעהרען, איך לעג פֿאָר, אז מען זאָל איהם רופֿען אַרויף אויף דער בּימה". ער האָט אָנגערופֿען דעם נאָמען אַבראַאַם לינקאָלן.

עס איז פֿאָרגעלעגט געוואָרען אַ רעזאָלוציא, אַז אַבראַאַם ווערט אויסגעשטעלט פֿאַר קאַנדידאַט אויף פּרעזידענט פֿון די פֿעראייניגטע שטאַאטען. די רעזאָלוציא איז איינשטימיג אָנגע־נומען געוואָרען.

אין אַ וואָך אַרום איז אַ גרויסער מיטינג געווען אין טשיקאַגאָ, וואו עס האָט זיך פֿערזאַמעלט דער נאַציאָנאַלער רעספּובליקאַנישער קאָנווענט פֿון צוואַנציג זעקס טויזענד מאַן, און אויך דאָרט איז פֿון זיעבען קאַנדידאַטען אַבראַאַם אָנגענומען געוואָרען. אַבראַאַם'ס קאַנדידאַטור האָט צופֿריעדען געשטעלט די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי. זי האָט אין אַבראַאַם'ן געזעהען אַ מענש מיט פֿעסטע פּרינציפּען מיט אַ הייסער ליעבע צו פֿרייהייט, און מיט איין אונאיבער־קויפֿליכער אָרענטליכקייט, און די פּאַרטיי איז איהם נאָך געגאַנגען מיט ענטוזיאַזם און מיט גלויבען אין זייערער גערעכטיג־קייט. אין דער געגענפּאַרטיי דאַגעגען איז געווען צו בעמערקען עפּיס אַ פֿערצווייפֿלונג, איין אונבעשטימטקייט.

אין 6-טען נאָיאַבר 1860 זענען געווען די לעצטע וואָהלונגען, וואו אַבראַאַם איז געוואָהלט געוואָרען פֿאַר דעם 16-טען פּרעזידענט פֿון די פֿעראייניגטער שטאַאטען.

איינער פֿון די בעאַמטע אין שטאַאט איללינאָיס, מיסטער ניוטאָן בעטמאַן, גיעט איבער פֿאָלגענדע וואָרטער אַבראַאַם'ס פֿון זיין געשפּרעך מיט איהם וועגען די פּאַסטאָרען, וואָס

האָבן געגעבן זייערע שטימען געגען אַבראַאַמ'ן: ער האָט גענומען די ביבעל, פערצייהלט ער, און געזאָגט: „הערר בעטמאַן, די לייט ווייסען גאַנץ גוט, אַז איך שטעה פאַר דער פרייהייט אומעטום, לויט ווי פיעל עס ערלויבט די קאָנסטיטוציא און די געזעטצען, און אַז מיינע געגנער ווענען פאַר דער שקלאַווערייי, ווייסען זיי דאָס. נאָך דעם אַלעם אָט מיט דיעזעם בוך אין דער האַנד, מיט דעם בוך, לויט וועלכען עס איז אונמאָגליך די מענשליכע שקלאַווערייי, געבען זיי זייערע שטימען געגען מיר, — איך קאָן דאָס נישט פערשטעהן".

ער האָט אַ מינוט געשוויגען, וועלענדיג זיך בערוהיגען, ער איז זיך אַ פאָר מאָל איבערגעגאַנגען איבער דער שטוב, דער נאָך ווידער זיך געשטעלט געגען מיר; אין זיינע אויגען איז געוועזן צו בעמערקען טרעהרען. ער האָט ווייטער געזאָגט מיט אַ ציטטערענדיגע שטימע: „איך גלויב אין גאָט, וואָס האָט פיינד די שקלאַווערייי און אונגערעכטיגקייט, איך שפיער אַז עס קומט אָן אַ שטורם. אויב איך וועל בדויכען קאָמפפען, בין איך פאָרנעבערייט דערצו. איך אַליין בין גאָר נישט, דער אמת איז אָבער אַלץ, און איך ווייס, אַז איך בין גערעכט. איך האָב זיי געזאָגט, אַז דאָס הויז וואו עס ווענען שטענדיגע מחלוקות, קאָן נישט פלאַץ האַלטען, זיי וועלען זיך באַלד איבערצייגען, אַז איך בין גערעכט. דוגלאַס'ן איז אַלס איינס, צו וועט עקזעסטירען די שקלאַווערייי צו נישט; נור גאָט און די מענשהייט איז עס נישט אַלץ איינס. מיט גאָטט'ס הילף וועל איך מיך דערהאַלטען ביז אַם ענדע. עס איז מאָגליך, אַז איך אַליין וועל נישט דערלעבען, נור מענשען וועלען דערקענען, אַז איך בין גערעכט געוועזן, און אַז זיי האָבען די ביבעל נישט פער־שטאַנען".

נאָך דעם ווי ער איז געוואָהלט געוואָרען פאַר פרעזידענט, האָט לינקאָלן געוואָלט זיך זעהן מיט זיין שטיפמוטטער, וואָס האָט געוואָהנט מיט דער טאָכטער אין עפּיס אַ פערוואָרפען ווינקעל פון איללינאָיס. ער איז עקסטרא אַהין געפאָרען.

אויף דעם 11־טען פעברואר איז בעשטימט געוואָרען

אברהאם'ס אַבּרייזע אַלס פּרעזידענט קיין וואַשינגטאָן. ער האָט אויף אייביג זיך געזעגענט מיט ספּרינגפילד, וואו ער האָט דורך געלעבּט זיינע בעסטע לעבּענ'ס יאָהרען.



# זיבּעטעס קאַפּיטעל.

## דזשאָן בּראַון אין די אַבּאָליציאָניסטען.

א בּלוטיגער שטרייט איז יעצט פאַרגעשטאַנען לינקאָל'נען מיט שטאַאטען פון שקלאַפען־איינגענטהימער; דער שטרייט האָט זיך שוין פון לאַנג אָן אין אַמעריקא געגרייט. די גרויסע רעפּובּליק האָט זיך פון סאַמע איהר גרינדען געפונען אין אַ צווייזינענדיגער לאַגע: לויט די רעכטס־דעקלאַראַציע איהרע פון 1776 יאָהר האָט זי איהר שטאַאטס־איינריכטונג פערזאָנליכע־פרייהייט אַלס „אוניקעל־שטיין" פערלייגט, אונ דאָך אין פערלויף כמעט פון 80 יאָהר האָבּען די אַמעריקאַנער געפּרובּט שלום צו מאַכען צווישען צוויי, גאָר ניט קיין „גלייכע פּאָאר" בתכלית־סדרים פון געזעלשאַפטליכען אונ עקאָנאָמישען לעבּען אונטער דער אַללגעמיינער רעפּובּליקאַנער רעגיערונגס־פירמע; איינס איז געגרינדעט אויף פרייע אַרבּייט פון אַ פרייען מענשען, די צווייטע אויף געצוואונגענע אַרבּייט פון דעם רעכטלאָזען קנעכט.

דער טעות האָט זעהר לאַנג עקסעסטירט, נור דער היסטאָרישער זייגער האָט אָבּגעשלאָגען אַ געוויסע שטונדע, דער קריזיס איז אָנגעקומען, חאָטש זעהר אַ בּלוטיגער, ער האָט אַוועק גענומען דריי מיללי‌אַרדען פון פאָלקס־קעשענע אונ דריי הונדערט טויזענד מענשען־קרבּנות אויפגעפרעסען. דאָס איז אָבּער געווען דער איינציגער מיטטעל.

נאָך פאַר דער רעוואָלוציאָן, ענדע 1760־טע יאָהרען

האָבען די איינוואָהנער פֿון ווירגיניע ניט איינמאָל פֿאָרגעלייגט געזעצע, לויט וועלכע עס איז פֿערבאָטען דאָס אַרויספֿיהרען קנעכט פֿון אַפֿריקאַ; נור זיי האָבען נישט בעקומען די הסכמה פֿון ענגלישען קייזער געאָרג III. ער האָט זאָגאַר צוגעשיקט צו דעם גובערנאַטאָר פֿון פּראָווינץ איין אָנווייזונג (אינסטרוקציאָן) מיט זיין אייגענער האַנד־שריפֿט, אַז „אויף קיין אופֿן זאָלען נישט דערלאָזען ווערען די געזעצע, וועלכע פֿערבאָטען דאָס אַריין פֿיהרען שקלאַפֿען". צו די בקשות „גלייך" צום קייזער פֿון די ווירגינער וועגען דיזעס, זענען גרייט געווען פֿעראייניגען זיך מיט די איינוואָהנער פֿון מערילאַנד, ניו־דזערזי, פּענסילוואַניען און פֿון אַנדערע קאָלאָניעס אין צפֿון. אַלזאָ האָט נאָך דאַמאָלס די פֿאָלקס־מיינונג אין לאַנד ערקאָנט די אונרעכטיגקייט פֿון דער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג, וואָס האָט געהערשט אין די פּראָווינציען פֿון שקלאַפֿען־אייגענטהימער אין דרום.

אין 1775 יאָהר האָט זיך געפֿאָרמירט אין פֿילאַדעלפֿיע די ערשטע פּענסילוואַניער אַבאָליציאָניסטען־געזעלשאַפֿט *). די געזעלשאַפֿט האָט פֿאַר אַ פּרעזעס געוואָהלט בנימין פֿראַנקלינ'ן, וועלכער האָט שוין אין 1790 יאָהר פֿאָרגעשטעלט אין קאָנגרעס אַ פּראָיעקט די שקלאַפֿעריי צו פֿערניכטען. אַ ביסעל שפּעטער נאָך דעם, האָט זיך איין אָהנליכע אַבאָליציאָניסטען־געזעלשאַפֿט געגרינדעט אין ניו־יאָרק, נאָכהער אויך אין די שטאַאַטען: קאָנעקטיקוט, דעלאַוואַר, מערילאַנד, ווירגיני און אַנדערע. צו דער צייט האָט זיך שוין אַ שטאַרקע אַגיטאַציאָן פֿערשפּרייט קעגען שקלאַפֿעריי אין פֿערשיעדענע אָרטער פֿון בונד. לסוף, אין 1808 יאָהר, ערשט אין 18 יאָהר אַרום נאָך פֿראַנקלינס פּראָיעקט, האָט דער קאָנגרעס בעשטעטיגט דאָס געזעץ, לויט וועלכען עס איז פֿערבאָטען צו ליפֿערען נעגערן פֿון אַפֿריקאַ און האַנדלען מיט זיי.

אין 1820 יאָהר, ווען צום בונד איז צוגעשטאַנען אויך

*) אַ געזעלשאַפֿט, וועלכע איז געווען געגען שקלאַפֿעריי.

דער שטאַט פון שקלאַפען־אייגענטהימער מיססורי, האָט זיך די אַגיטאַציאָן קעגען שקלאַפעריי דייטליך פערשטאַרקט אונ אין קאָנגרעס, אַ דאַנק דער מיה פון די אַבאָליציאָניסטען, איז דורך געגאַנגען אַ בעוואוסטער געזעץ, אונטער'ן נאָמען „מיססורישע איינווילליגונג", וועגען וועלכען איז שוין גערעדט געוועזן אין פאָריגען קאַפּיטעל. לויט דעם געזעטץ איז שוין ניט מעגליך געווען, דאָס שקלאַפעריי זאָל זיך ווייטער פערשפרייטען.

פון ענדע די דרייסיגסטע יאָהרען, ווען לינקאָלן האָט אָנגעפאַנגען אין איללינאָיס זיין פּאָליטישע טהעטיגקייט אונ האָט אָפען פאַר אַלע געלאָזט הערען זיין ערשטען פּראָטעסט קעגען שקלאַפעריי, איז די אַגיטאַציאָן קעגען האַנדעל מיט די נעגערן ענערגיש געווען אין פערשיעדענע אָרטער פון בונד, נור די פּאַרטיי פון שקלאַפען־אייגענטהימער, וואָס איז זעלבסט פאַראינטערעסירט געווען אין דעם פערברייטערען אַזא האַנדעל, איז נאָך דאַמאָלס זעהר תקיף געווען אויפ'ן קאָנגרעס. זי האָט דורך געפיהרט אַ חוק, וועלכער האָט בעפאָלמאָכטיגט צו אָבלעגען אין דער זייט אלע געוויסע פּעטיציען פון די אַבאָליציאָניסטען.

אין 1854 יאָהר ווערט דער אַבאָליציאָניסטען באַוועגונג, פאַר געקומען איין פערענדערונג, ווען עס איז אַלס געזעטץ געוואָרען דוגלאַס'ס בילל (פּראָיעקט) צו ערלויבען שקלאַפעריי אין אַנדערע פרייע טעריטאָריען פון מערב, איבערהויפּט אין נעבראַסקע אונ קאַנזאַס. די מיססוריער־פשרה ווערט שוין יעצט פאַקטיש אָבגעשאַפט.

אָבער דאַמאָלס הויבען אויף די איינוואָהנער פון די פרייע שטאַאטען אין צפון איין אָפענטליכע מלחמה מיט שקלאַפעריי. ביז יעצט האָט זייער האַס צו שקלאַפעריי אויפגעהאַלטען דער רצון צו לעבען בשלום מיט די שקלאַפען־אייגענטהימער אין דרום, אונ דעריבער נור האָבען זיי אָפענטליך ניט מיט געהאַלטען מיט די אַבאָליציאָניסטען, ווייל די לעצטע האָבען צו ווייט געשטרעבט: זיי האָבען געוואָלט די שקלאַפעריי גאָר אין גאַנצען פערניכטען. ווי אָבער מען האָט אַוועק גענומען דעם גבול פון צו פערברייטערן שקלאַפעריי

אין בונד, אונ עס האט גיקאנט געגרינדעט ווערען אינ׳זראל, איבער גאנצען לאנד, — דאמאלס איז פאר די שטאאטען, וועלכע זיינען פריי פון שקלאווערייט, געבליעבען נור אפען צו שטרייטען קעגען דעם.

דער ערשטער פלאץ פאר געוואפענטע באגעגנישען ביז יעצט איז געווען קאנזאס. אהין פלעגט די פארטיי פון שקלאפען-איינגענטהימער אין מיססורי, וואס איז נאהינט אהער, צו שיקען גאנצע באנדעס באנדיטען, אוואנטיורימטען, וועלכע האבען זיך בעדארפט צו באזעצען, אין דער לאנד מכלומרשט אלס עמיגראנטען, זיי פלעגען געבען זייערע שטימען פאר דער שקלאפעריי, מיט זייערע גזילות אונ גוואלדהייטען האבען זיי געשטערט די ארבייטזאמע, רוהיגע איינוואהנער צו קומען אהער זיך בעזעצען. אזא פראגראמם איז געווען ענערגיש דורך געפיהרט. דאמאלס האבען די שטאאטען פון צפון אנגעהויבען צו שיקען אהער געוועהר אונ גאנצע מחנות פריי-וויליגע צו העלפען די אנזידלערס (תושבים); אויסער דעם האבען זיך פון צפון אהין אוועק געצויגען פיעל נאך עמיגראנטען. דער רעזולטאט דער פון איז געווען, אז אין דעם לאנד האט אויסגעבראכען איין איננערליכער פארטייאישער שטרייט, וואס האט געדויערט, איי ניגע יאהר, אונ האט זיך געענדיגט נאר אין 1861 יאהר, ווען אין שטאאט קאנזאס איז בעשטעטיגט געווארען די קאנסטיטוציאן, וואס פערבאט שקלאפעריי. דער פיהרער, די נשמה פון דעם געוואפענטען שטרייט פון די אבאליציאניסטען אין קאנזאס איז געווען דזשאן-בראון. זיין נאמען איז לסוף בעריהמט געווארען איבער גאנצען בונד — ער האט מיט זיין לעבען באצאהלט פאר זיין איבער געבען זיין מיט דעם גאנצען הארצען דער אידעע די שקלאפען צו בעפרייען.

דיעזער מאן, מיט זיין טיטאנישע ענערגיע, מיט זיין פעסטען האראקטאר אונ שטרענגע מדות, דערמאנט די גאר אמאליגע העלדען פון דעם האלב-מיטהאלאגישען אלטער, זיין גאנצעס לעבען איז געווען נור איין העלדענשריט אין דעם נאמען פון גערעכטיגקייט אונ ליעבע צו מענשען, אונ זיינע לעצטע יאהרען זענען פולל

מיט דראַמאַטישען אינטערעס. דאָס איז געווען א פּערוועגענס־פערזוך פֿון דזשאָן־בראָון מיט איינינע איבערגעגבענע קאמראַ־דען אַרוים צוטראָטען אָפֿענטליך שטרייטען מיט די פאָרשטעהער פֿון שקלאַפּעריי, וואָס זייער צד איז געווען אי די רעגיערינגס־מאַכט, אי דער חיל, אי די געזעצע. דער העלדישער שריט האָט זיך געענדיגט, ווי מען האָט עס פֿון פריהער געקאָנט ערוואַרטען, מיט'ן טוידט פֿון די בראַווע טאַפּפּערע לייט, וואָס זענען אַזוי איבער געגעבען געווען צו דער אידעע. נור דער טוידט פֿון דעם ערשטען קאָמפּפער, וואָס האָט אָנגעפאַנגען די גרויסע מלחמה מיט שקלאַפּעריי, וואָס האָט באַלד שוין אָנגעחאַפּט גאַנץ אַמעריקא, איז ניט העריבער אָהן אַרושם. דאָס האָט דעם לעצטען שטויס געגעבען יענעם געפיהל פֿון שקלאַפּעריי־האַסס, וואָס איז שוין פערטיג געווען ביי די בעסטע אַמעריקאַנער אין הערצען; אונ דאָס נאָמען פֿון דעם מאַנן, וואָס איז געהאָנגען געוואָרען דורך דעם געזאָצליכען משפט, איז אין צוויי יאָהר אַרום געוואָרען איין אויסגעשריי אויף מלחמה ביי די באַטאַלליאָנען פֿון צפון, וועלכע זענען אויך געגאַנגען שטאַרבען אויף די פעלדער אין פענסילוואַניען אונ מערילאַנד. מיר רעכענען נישט פאַר איבעריג צו ברייננען דאָ, אין לינקאָלנ'ס לעבענס־בעשרייבונג, אַ קורצען איבערזיכט איבער דעם לעבען, בעזאָנדערס, איבער די לעצטע יאָהרען, אַרבייט אונ שטרייט פֿון דעם מערקווירדיגען מאַן, דזשאָן בראָון. זיי ביידע, לינקאָלן אונ בראָון, האָבען געדיענט דער גערעכטיגקייט אונ ביידע זענען „אומגעבראַכט" געוואָרען אין שטרייט פאַר דעם: איינער פֿון דער מאָרדעשער האַנד, דער צווייטער — אויף דער תליה, נאָך דעם אורטהייל פֿון געריכט.

דזשאָן בראָון איז געבוירען אין 1808 יאָהר, אין טאָרינגטאָן, אין שטאַאט קאָנעקטיקוט. זיינע עלטערן, ווי אויך לינקאָלנ'ס, זענען געווען אַ זכר פֿון די ערשטע פּוריטאַנער, וואָס האָבען זיך באַזעצט אין אַמעריקא. זיינער איין אָלטער פאָטער, פּיעטער בראָון, האָט זיך אויך געפֿונען אין דעם צאָהל פֿון די ערשטע אָבות־פּילינרימער, וואָס זענען אויף דעם בעוואוסטען היסטאָרישען

שיף „מייפלאַוער" געקומען אין 1620 יאָהר נאָך מאַססאַטשוזעטס; דאָרט האָבען זיי געגרינדעט אַ שטאָדט פּלימוט און זענען געוואָרען פּאַטריאַרכען פון די איינוואָהנער אין די שטאַאטען פון נייע ענגלאַנד. זיין זיידע, אַ קאַפּיטאַן אין וואַשינגטאָנס חיל, איז גע'הרג'ט געוואָרען אין דער מלחמה פאַר זעלבסט־שטענדיגקייט אין 1776 יאָהר. דזשאָנס קינדהייט און יוגענד זענען העריבער אין די וויסטעס פון אָגיאָ, דאָס אוראַלטע לאַנד וואו עס זענען פולל גיווען אין יענער צייט טשערעדעס ביזאָנען און באַזעסען געווען מיט אינדיאַנער. זיין פאָטער, וואָס האָט זיך אַהער איבער געצויגען, ווען דזשאָנען איז נור פינף יאָהר געווען, האָט זיך דאָ פערנומען מיט פיהצוכט און גאַרבערייא, וואָס ער האָט אויסגעלעהרינט פון די אינדיאַנער, מיט וועלכע ער האָט געהאַט אַבעשטענדיגע משא־ומתן. דאָס יונגעל האָט זיך נאָך פון זעכס־יאָהר אָן צו געוואוהנט נאָכצוגעהן, אַרומשלעפען זיך מיט די ווילדע טשערעדעס איבער די אונענדליכע וויסטעס, און „רייבענדיג" זיך צווישען די אינדיאַנער, האָט ער זיך אויסגעלעהרינט זייער שפּראַך. דאָס שטרענגע פרייע לעבען האָט ווי אייזען, האַרט געמאַכט זיין נאַטור, האָט אין איהם ענטוויקעלט ענערגיע און זעלבסטשטענדיגקייט, האָט איהם אויסגילעהרינט ליידען געדולדיג, מיט וואָס ער האָט זיך אַזוי אויס געצייכענט אין זיין שפּעטיגען אונרוהיגען לעבען. אין 1812 יאָהר, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די מלחמה מיט ענגלאַנד, און זיין פאָטער האָט זיך אונטער געגומען צושטעלען פיה פאַר אַמעריקאַנער חיל, איז דאָס צוועלף יאָהריגעס יונגעל מיט די הורטען געגאַנגען. עס פלעגט אָפט בעדאַרפען ערוויטערען זיך פון דער היים מעהר, ווי הונדערט מייל.

די פאַמיליע האָט שטרענג אָבגעהיט די פּוריטאַנער טראַדיציע, איז געווען רעליגיאָז, האָט זיך אויס געצייכענט מיט „שאָנע"

זיטען (מדות), אונ פון טיעפער קינדהייט איז דזשאָן בראָון געוואהנט געוועזען צו עהרען די ביבעל, אלס איינציגען וועג־ווייזער דעם מענשען אין לעבען. זאָגען דעם אמת בעדאַרף מען, דאָס ער האָט קיין בילדונג בעקומען. ווי ער אַליין פערצייהלט „האָט ער אַ שוהלע בעזוכט נור צייטען־ווייז, איבערהיפענד אונ ער האָט זיך קוים אויסגעלעהרינט לעזען אונ די פיער כללים „חשבון״. צו צעהן יאָהר האָט ער בעקומען ביי זיין פאָטערס אַ באַקאַנטען איינינע גוטע היסטאָרישע ביכער, אונ פון דאַמאָלס האָט זיך אין איהם ענטוויקעלט אַ געשמאַק צום ערנסטען לעזען. אָט ווי ער האָט אויסגעזעהן אין זיין יוגענד־צייט:... פופצעהן יאָהר אַלט, איז ער געוועזען אַ געוויכסיגער בחור, זעהר אַ געזונדטער, גרייט אונ פאָהיג צו יעדער שווערער אַרבייט פון אַ באָטאָגטען מאַן. באַקענענדיג זיך מיט׳ן לעבען פון גרויסע לייט אונ געלעהרטע, מיט זייערע רעדעס אונ שריפטען, האָט ער פעראַכטעט פוסטע געשפּראָכען אונ פוסטע מענשען... נאָך אין זיין יוגענד פלעגט ער שטאָנדיג שטרעבען צו ענדע בריינגען דאָס, וואָס ער האָט נור איינמאָל אָנגעהויבען... בשעת די מלחמה, ווען ער איז נאָך אַ יונגלינג געוועזען, איז איהם אויסגעקומען צו באַגעגענען זיך מיט פער־שיעדענע לייט, וואָס זענען נאָכהער בעריהמטע געוואָרען, צוזעהען זייער בענעהען אונ בעהאַנדלען, אונ ער האָט זיין זעלבען מיינונג וועגען זיי אויסגעאַרבייט. אַללעס, וואָס ער האָט דאַמאָלס געזעהן, האָט אין איהם אַיינגעפלוסט אַזאַ עקעל צו קריעגס־קונסט, דאָס ער האָט בעסער געצאָהלט שטראַף, ווי אַ קוואַקער *), די גאַנצע יאָהרען פון זיין סאָלדאַטען־וואוּכס, אום ניט צוריענען אין חיל. דאָך צו ליעב דער אירעע האָט ער מערסטענטהייל פון זיין לעבען איבער געגעבען צום אויסלעהרנען די פערהאַסטע קריעגס קונסט. די שורות, וואָס מיר האָבען

---

*) אַ סעקטע אין אַמעריקאַ.

געבראַכט, האָט דזשאָן אָנגעשריבען וועגען זיין יוגענד נאָך אין 1857 יאָהר. לויט די שורות קאָנען מיר זיך פֿאָרשטעללען זיין נאַטור: זי איז פֿולל התפעלות, זעהר ערינסט, שטרעבנג צו זיך זעלבסט און צו פֿרעמדע, דערצו נאָך ענערגיש ביז נאַר און אונערמיעדליך צו דערגרייכען דעם אידעאַל, צו וועלכען ער האָט געשטרעבט.

בשעת די זעלבע מלחמה מיט די ענגלאָנדער האָט זיך געטראָפֿען אַ מאָל בראַונ'ן צוזשטעלען זיך מיט'ן הורט ביי איינעם אפלאַנטאַטאָר אַרייבען. יענער האָט איהם זעהר פֿריינדליך בעהאַנדעלט, האָט איהם ביי'ן טיש געזעצט און געלויבט פֿיר די גאָסט זיינע פֿאָהיגקייטען און בראַוועריי, אין דעם הויז צווישען די איבעריגע בעדיענער, האָט זיך אויך געפֿונען אַ קליינס נעגעריל, וועלכען מען האָט דאָ געהאַלטען, ווי אַ הינטעל, מען פֿלעגט איהם שלאָגען אין זיין געגענוואַרט מיט וואָס נור מען פֿלעגט געפֿינען. דאָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אויף דזשאָנ'ס ערהאַבענע נשמה, ער האָט זיך פֿאַרקלעהרט וועגען דעם שיקזאַל פֿון די קליינע נעגערלאַך, וואָס זענען נעבעך אָבגעריסען פֿון זייערע עלטערען. פֿון דאַמאָלס אָן — אַזוי דער צאָהלט ער זעלבסט — האָט ער אַשבועה געגעבען צושטרייטען איביג מיט דער שקלאַפֿעריי, און איז געוואָרען גאַר אַבעשלאָ-סענער אַבאָליציאָניסט.

ביז צוואַנציג יאָהר האָט דזשאָן געהאָלפֿען דעם פֿאָטער אין זיין פֿעלל-פֿאַבריק אין אָגיאָ, דאָרטען האָט ער אויסגעפֿילט אַלע פֿערשיעדענע פֿפליכטע: ער איז געוואָרען אַי אַ מייסטער אַי אַ קוכער פֿאַר די אַרבייטער. אין יענער צייט, לויט דעם פֿאָטערס ראַטה און זיין אייגענעם ווונש, האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ יונגע, אַ וואַהלע מאָרכען, וואָס איז געווען שטריינג פֿוריטאַניש ערצויגען. די דאָזיגע ווי ער אַליין פֿערצאָהלט — „האָט געהאַט אויף איהם גאַר אַ גוטע ווירקונג ביז סאַמע איהר טוידט: זי מיט איהרע איינפֿאַכע גוטע-שטילע ראָד פֿלעגט אויפֿהאַלטען דאָס „אויסשיסען” פֿון זיין שטאָלציגען און איינגע-

שפּאַרטען כאַראַקטער. נאָך איהר טוידט, ווען דזשאָן איז פערציג יאָהר אַלט געווען — האָט ער אַ צווייטען מאָהל גע־הייראַטעט; די צווייטע פרוי איז ביי איהם געווען די נאָהענטע־סטע מיט־אַרבייטערין און סאַמע איבערגעגעבענע פריינדין ביי דער זעלבער שווערער אַרבייט, צו וועלכער ער האָט געאָפּפערט אַ גרעסטע העלפט פון זיין לעבען. בראַון האָט געווען געפּרובט צו גרייטען זיך צו קאָנען זיין אַ פּאַסטאָר (אַלוטהעראַנישער גלח), נור דאָס האָט איהם ניט געלונגען: עס האָבען איהם מיטטעלען אויסגעפעהלט, און ער האָט זיך צוריק גענומען פאַר זיין יוגענדס־אַרבייט — גאַרבעריי. מיט דיעזער אַרבייט האָט ער זיך בעשעפטיגט ביז די 40־סטע יאָהרען אין פערשיעדענע שטאָרט פון אָגיא און פענסילוואַניען.

אין 1838 יאָהר, ווען ער האָט געוואָהנט אין אָגיא און האָט זיך דאָרט באַקאַנט שוין מיט פיעל פון די בעסטע אַבאָליציאָניסטען, איז ביי איהם פערטיג געוואָרען אַבעשטימטער פּלאַן פון אַ געוואַפּענטען שטרייט מיט דער שקלאַפעריי; די אידעע פון דעם האָט אין איהם ערוואַכט נאָך אין זיין קינדהייט און פון דאַמאָלס ניט אָבגעלאָזט דער זעלבער פּלאַן, אויסער איינינגע פּרטים, איז ווירקליך איבער געבליעבען גאָר ניט אומ־געביטען ביז זיין ווירגינער עקספּעדיציאָן אין 1859 יאָהר. נור מיט איין יאָהר פריהער האָט ער איהם ענטדאָקט אין אַללע פּרטים צו איינינגע פון זיינע סאַמע נאָהענסטע פריינד און גלייך־דענקענדע אין באָסטאָן. אין דער צייט אָבער האָט ער גע־האָריג אויסגעלעהרינט די קריעג־קונסט מיט אַלע פּרטים, און נאָך אין 1848 יאָהר, אין דער צייט פון זיין רייזע איבער'ן קאָנטינענט *) — האָט ער זיך אַללעס בעמיהט צו באַקאָנען זיך מיט'ן צושטאַנד און אַלע קליינינגקייטען פון דער מיליטער־אָרגאַניזאַציאָן אין אייראָפּאַישער אַרמיי.

דער עיקר פון זיין פּלאַן אויף צושטרייטען מיט דער

*) קאָנטינענטי הייסט אייגענטליך יבשה, נור אונטער דעם נאָמען ווערט אָפּט גימיינט אייראָפּע.

שקלאַפּעריי איז בעשטאַנען אין דעם, דאָס מען זאָל אונטער־וואַרטען גאָר אויפהויבען אַ פּאַרטיזאַנישע מלחמה אין די סאַמע מיטעל־פּונקטען פון דרום מיט זיינע שקלאַפען־איינענטהימער. ער האָט גערעכענט, אַז מעהר זענען דאָ, צווישען די איינוואָהנער, די שווארצע, די אַבאָליציאָניסטען וועלען מיטווירקען, די פרייע שטאַאַטען פון צפון דאָס זעלבע, — אַלזאָ, ווען אויף די פּלאַנטאַציעס וועלען פּלוצלינג אָנפאַלען די מחנות, וועלכע ווילען זיך בעהאַלטען אין די באַרגעדיגע אָרטער, וואָהין מען קאָן ניט צוטראָטען, ווער עס — האָט ער געדענקט — אויפוועקען אַ מרידה פון די מעהרערע שווארצע. די ער־שטוינטע פּלאַנטאַטאָרען וועלען זיך דער שרעקען און זיי וועלען געצוואונגען זיין צו ענטזאָגען זיך פון דער שקלאַפעריי. אויף אַזא אופן האָט דזשאָן בראַון געהאָפט צו ערגרייכען זיין ציעל צו בעפרייען, אָהנע בלוט כמעט צו פערגיעסען.

מיר וועלען דאָ ניט אונטערנעהמען צו ערקלעהרען אויף וויפיעל די אידעע האָט געקאָנט זיין פּראַקטיש ערפילט, מיר וועלען נור באַמערקען, אַז דער פּלאַן פון אַ קאָמפּאַניע צו שטרייטען מיט דער קנעכטשאַפט איז ביי דזשאָנ'ן אויס געאַרבייט געוואָרען מיט אַזא „גרונדליכען" וויכסען די קריעג־קונסט, דאָס די פריינד זיינע, פאַר וועלכע ער האָט עס ערקלאָהרט אין 1858 יאָהר, זענען איבעראַשט געוואָרען פון זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע פעהיגקייטען. ער האָט פאָראויס געזעהן אַלע קלייניגקייטען אין דער פּראַקטיק, אַללעס, וואָס האָט געקאָנט ניט געלונגען, אַלע אונפּאַסענדע בעדינגונגען, דער צו האָט ער וואונדערליך געוואוסט דעם אָרט, וואו עס האָט געזאָלט זיין די קריעג. יאָ, דזשאָן בראַון האָט ניט געפונען קיין חברים פון דער צאָהל נאָהענטע און איינפלוסענדע אַבאָליציאָניסטען אין באָסטאָן, פיר זיין ריזיקאַלישען, נאָך זייער מיינונג, אונטערנעהמונג; נור דאָך האָבען זיי ניט געקאָנט שטעהן פון וויטען דער הייסער התפעלות און אַזא פעסטין גלויבען אין דעם גליקליכען סוף פון דער פאָרנעמונג, פיר וועלכע דער מענש האָט געאָפּפערט זיין גאַנצע לעבין, —

און זיי האָבען איהם מבטיח גיזוען זייער שט־צע נישט בפרהס׳א.
„מיר האָבען פאַר די אויגען גיזעהן — אַזוי האָט געשריבען איינער פון זיי צולעצט — איין עלענדען אַלטינקען, וואָס האָט אויסערוואָהלט, זיין גורל אין לעבען, אַרמוטה, האָט געאָפּפּערט מיט זיין געזונד, רוה און „שאָנעס״ נאָמען און איז גרייטיג געוועזען אָבצוגעבען זיין גאַנץ לעבען נור צובעפרייען די אונטערגעדריקטע ראַסע, צו אָבוואַשען דעם פלעק פון קנעכטהייט, וואָס האָט פערפלאָמירט זיין פאָטערלאַנד״. שוין שפּעטער, ווען דזשאָן בראָון האָט אריין געפאַלען אין די הענד פון דער ווירגינישע רעגיערונג צוזאַמען מיט די גאַנץ געבליבענע אַנט־טהייל־נעהמער, האָט איינער פון די אויסגעצייכענטע צווישען די פּלאַנטאַטאָרען אין דרום, אַזוי אויסגעדריקט זיך שריפטליך וועגען דער אונטערנעהמונג: „נאָך איהר בעקלערונג און ערפילונג איז דאָס געוועזען איינע פון די געפעהרליכסטע מרידות.

די אידעע צו שטרייטען מ־ט דער שקלאַפעריי האָט שוין פון לאַנג דורגעדרינגען זיין גאַנצען לעבען און איז ביי איהם שטענדיג געשטאַנען אויפ׳ן ערשטען פּלאַן, ער האָט זיך זעלבסט און זיינע קינדער ערצויגען צודיענען, דאָס איז ביי איהם שוין געוואָרען אַ הייליגע געוואָהנהייט ווי, למשל, ראַוונען פריה און אָבענד.

די פרוי זיינע האָט איהם געשוואָרען צו העלפען אין דער אַרבייט, ער האָט שטענדיג געזוכט פּאַסענדע קאָמפּאַניאָנען צו זיך. איינער אַ פריינד זיינער האָט איהם געפרעגט (אין 1857 יאָהר), ווי אַזוי איז דאָס זיין פרוי מסכים צו זיין אומוואָגלען, דער צו איז זיין לעבען דאָך שטאָנדיג אין געפאַהר״. דערויף האָט דזשאָן גיענטפערט: „איך האָב איהר שטאָנדיג געזאָגט, אַז ווען די צייט פון שטרייטען וועט קומען, טוען מיר זיך צושיידען, זי איז שוין לאַנג גרייט געוועזען צו דעם. און אַז די צייט צו אָבפאָהרען איז טאַקע געקומען, איז

זי גרייט געווען מיט רפואות און באַנדער פאַר פערוואונדעטע". נאָך וויניג, האָט זי נאָך מיט איהם געשיקט איהרע צוויי זיהן צו שטאַרבען, — זיי זענען פאַר זיינע אייגען געטוידט געוועז.

אין 1849 יאָהר האָט זיך דזשאָן בראָון בעקאַנט מיט דעם בעוואוסטען אַבאָליציאָניסט געררי סמיט, איין אייגענטהימער פון פיעל ערד אין די וועלדער פון אַדיראָנדאַק. דער לעצטער האָט איין גאַזעטען געלאָזט פובליצירען, דאָס די נעגערין קאָנען ביי איהם בעקומען חלקים ערד אָהנע לוין צו מאַכען פערמעס. דאָ האָט זיך בראון צו איהם געווענדעט מיט אַזא פאָרלעגונג: „איך בין ערוואַכסען אין די וועלדער און בין באַקאַנט מיט'ן אויפבויען נייע ישובים, איך וועל זעלבסט איינפיהרען אַ פערמע צווישען אייערע נייע ישובניקעס און וועל זיי לעהרנען, ווי צו ריין מאַכען און בעאַרביטען אַ נייע ערד, איך וועל זיי, פיעל מעגליך איז, געבען אַרבייט ביי מיר, און אַלער פאַל בעזאָרגען, ווי אַפאָטער". סמיט האָט אָנגענומען זיין פאָרלעגונג און האָט אָבגעגעבען זיין נייעם פריינד אַ חלק ערד אויף געוויסע פרייע בעדינגונגען; דזשאָן מיט זיין גאַנצער געזינד האָט זיך באַלד באַזעצט דאָרטען און האָט אָנגעפאַנגען צו לעבען, ווי אַפיאָנער, געהאָרעוועט שטאַרק, ווי איהם איז דאָס בעקאַנט געוועזן פון דער יוגענד נאָך. באַזעצענדיג זיך אויף דעם אָרט, האָט דזשאָן אַרוים געקוקט אַ דריי-פאַכען צוועק: אויסער זיין וואונש צו בעהילפיג זיין די אונגליקליכע נעגערען, האָט ער אויך געהאָפט צו געפינען און פערטיג מאַכען צווישען זיי פרייוויליגע פיר זיין קינפטיגער ווירגענער עקספעדיציאָן, וואָס איז לייכט געוועזן צו ערדייכען אין אַזא אָבגעזאָנדערטען ווינקעל; אונטערוועגענס האָט ער געוואָלט אויך פערזיכערן זיין געזינד מיט איין אייגענעם ווינקעל צו יענער צייט, ווען איהם וועט אויסקומען צו פערלאָזען זיי. די לעצטע וואונש זיינע איז ווירקליך ערפיללט געוואָרען און סוף-כל-סוף איז ער זעלבסט בעגראָבען געוואָרען אין דעם מאַלערישען טהאָל, וועלכער איז איז געווען אַרום געקרייזט מיט באַרגער; דאָרטען, וואו

ער האָט פאַרבראַכט איניגע יאָהר אין פלייסיגע אַרבייט.

דזשאָן בראונס זיהן האָבען זיך פון אָגיא אַריבער געצויגען אין קאַנזאַס, ווי נור עס איז אַדורך דער געזעץ, וואָס האָט ערלויבט שקלאַפעריי אין דעם פרייען קאַנזאַס. זיי האָט געצויבערט דאָס פרייע לעבען, פוהל אונרוה און אַלע מאָגליכע צופאַלען אין דעם נייעם לאַנד. באַלד האָבען זיך דאָרטען אָנגעפאַנגען די אויפרעגונגען, ווייל די שקלאַפען־אייגענטהימער פון דרום האָבען ווּעה אָנגעטהון די פרייע קאָלאָניסטען, ווי מיר האָבען שוין דערמאָנט, דאַמאָלס איז דזשאָן בראון אויך צוגעשטאַנען צו זיינע זיהן, כמעט אין אללע פרייע שטאַאטען זענען איינגעאָרדענט געוואָרען די קאַנזאַסער קאָמיטעטען — אַזוי האָבען זיי זיך גערופען — אום צו זאַמלען געלט, צו שטיצען דער־עמיגראַציאָן און צו בעוואָפענען די קאָלאָניסטען. די גאַנצע לאַנד האָט נור אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער וויטער טעריטאָריע, עס איז אפילו געפאָרמירט געוואָרען אין נאַציאָנאַל־קאָמיטעט צו העלפען די פרייע קאַנזאַסער; אין דעם קאָמיטעט אַלס מיט גליעדער האָבען זיך געפונען לינקאָלן, סמיט, סוּאָרד און נאָך אַנדערע בעריהמטע פאָרשטעהער פון דער אַבאָליציאָניסטישער פאַרטיי. דזשאָן בראון איז געוואָרען פעלדהערר אין דער מלחמה מיט די שקלאַפען־אייגענטהימער, ער איז געשטאַנען איבערהויפט אין דער מחנה פון די דאָרטיגע פרייוויליגע, אין וואָסערע עס האָבען אַנטהיילגענומען זיינע זיהן, צו פערטהיידיגען די פרייע קאָלאַניסטען פון די מיססוריער באַנדע „גזלנים“. תּאָטש די מלחמה אין קאַנזאַס איז ניט געווען לויט זיין פלאַן, דאָך האָט ער דעם צופאַל בענוצט אַלס פאָרבערייטונג און אָנפאַנג צו אָרגאַניזירען זיין פיעל מעהר ערנסטען טהאַט, וועלכען ער האָט געהאַט במחשבה, מיט זיין געוואָהנליכע ענערגיע און בעגייסטערונג, נישט געשאָנעוועט ניט זיך, ניט אייגענע, האָט ער זיך געוואָרפען צו שטרייטען מיט דער שקלאַפעריי, און נור איהם דאַנקענד, האָט עס געלונגען די פרייע קאַנזאַסער קאָלאָניסטען גובר זיין זייערע שונאים. דער נצחון איז אין

אַלגעמיין וויכטיג געווען אין דער רעגיערונג. דער „טשאַרלס-טאונער מערקורי" — איינפלוסרייכע גאַזעטע אין דרום — האָט אַזוי געשריעבען אין אָנפאַנג דער מלחמה: „אַלע פּאַרטייען זענען מודה אין דעם, אַז אין דער יעצטיגער קאַנזאַסער קריעג ווענדט זיך דער וויטערסטער שיקזאַל פון קנעכטהייט און אַבאָליציאָניזם: וועט דרום גובר זיין, דאַמאַלס איז דער אַבאָליציאָניזם צערשלאָגען און גאָנצליך אָבגעשוואַכט. וועט אָבער דרום בעזיעגט ווערען דאַמאָלס שטאַרקט זיך דער אַבאָליציאָניזם און וועט אימער מעהר און מעהר „עזות" בעקומען אין זיינע פאָדערונגען, ביז ער וועט אין גאַנצען פערניכטען דעם דרום".

פון די געריהמטע געפעכטע ביי דער פּאַרטיזאַנישער מלחמה דערמאָנט מען דעם קאַמפף ביי זסאַוואַטאָמי, אַ קליין שטעדטעל נעבען מיססורי. דאָרטען האָט דזשאָן בראַון מיט דרייסיג פריי-וויללינגע מאַן צערשלאָגען און פעריאָגט די מיססוריער באַנדע, מעהר פון דריי הונדערט מאַן. אין דער געשלאַג איז איין זוהן זיינער געטוידט געוואָרען, אַ צווייטער — געפאַנגען און נאָכהער דולל געוואָרען.

די אינגערע מלחמה אין קאַנזאַס האָט זיך, היפּענדיג, געצויגען פון 1856 ביז 1858 יאָהר, און דזשאָן בראַונס נאָמען איז בעריהמט געוואָרען איבער'ן גאַנצען בונד, נור זיינע גאָר „ווייט-לויפיגע" מיינונגען וועגען דעם שטרייט און שקלאַפעריי האָבען קיינע אונטערשטיצע באַגעגנעט צווישען די קאַנזאַסער קאָלאָניסטען, וועלכע זענען גאָר נישט „אויפגעלייגט" געווען צו מאַכען וויטערע שריטטע, אַלס דאָס בעשיצען זייערע ישובים פון די אָנלויפענדע באַנדען פון די שקלאַפען-איינגע-טהימער. זיי האָבען גאָר ניט מיטגעפיהלט דער מלחמה, וואָס דזשאָן בראַון האָט געוואָלט איבער טראָגען אין מיססורי. לויט זיין מיינונג, וואָס איז טאַקע באַלד נאָכדעם אויסגעקומען אמת — איז קיין עמאַנסיפּאַציאָן בשלום נישט מעגליך געווען; עס איז שוין צו ווייט אַוועק". ער האָט זיך געווענדעט אין פערשיעדענע קאָמיטעטען, געבעטען הילף אויף וויטער,

געבעטען אָרגאַניזירען אַ מחנה אויף צו שטרייטען אין מיססורי. אויסער דעם האָט ער דורך גאַזעטען זיך געווענדעט צו דער געזעלשאַפט זעלבסט. דאָס אַלעס האָט אָבער ווייניג געהאָלפען, ווייל דאָס רוב אבאָליציאָניסטען, אפילו דאַמאָלס, האָבען נישט מיטגעהאַלטען מיט זיינע „וויט־לויפיגע" מיינונגען. בלייבענדיג גאָר אָהנע שטיצע, איז ער מיט אַ קליינע חברה קאַמעראַדען, וואָס האָבען מיטגעפיהלט זיין אידעע, גאָר מיט קליינע מיטעלען, אַם ענדע 1858 יאָהר, העריבער קיין מיססורי אונ האָט דאָרטען בעפרייט די שקלאַפען פון פערשידענע פּלאַנטאַציעס. דאָס האָט אין גאַנצען אויפגעהויבען קעגען איהם אי די קאַנזאַסער איינוואָהנער, אי די אדמיניסטראַציאָן, וואָס האָבען צוגעזעהן אין זיינע מעשים אַוואַהרע צערשטערונג די געזאָטצע אונ רוהע פון דעם לאַנד. סוף־כל־סוף, ווען ער האָט אָנגעוואָרען זיינע צוויי זיהן אונ זיין גאַנצע איינענטהום, איז איהם אויסגעקומען צו בעהאַלטען זיך, ווי עפּיס אַ פיהרער פון אַ באַנדע גזלנים אונ לויפען פון דעם זעלבען לאַנד, וועלכעס ער זעלבסט האָט גערעטעט פון די שקלאַפען־געוואַלדהייטען. אונז בלייבט נור צו בעריהרען דעם לעצטען אונ הויפּטס פעריאָד פון זיין לעבען, דאָס וואָס מען רופט אָן זיין „ווירגינישע קאָמפּאַניע", וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט זיין טוידט.

אין אַ באַרג־קלופט, אויף'ן גרעניץ פון שטאַאַטען מערילאַנד אין ווירגיניא, איז געשטאַנען אַ שטאָדטעל גאַרפערס־פערי, אין דער צייט פון דער איננערליכער שטרייט כמעט אין גאַנצען צערשטערט פון חיל פון צפון אונ דרום, וועלכע האָבען זיך אַלץ איבער דעם פונקט געשטרייט. אין שטאָדטיל, ניט וויט פון ברעג טייך, האָט זיך געפונען דער בונד־אַרסענאַל, וואו עס האָט זיך געפונען גאָר פיעל פערשיעדענע געוועהר. אין דעם קאַנט, נאָהנט פון דער אַמעריקאַנישער הויפּטשטאָדט, אַ קאַנט פערפולט מיט היסטאָרישע זכרונות,

וועלכע שטעלט זיך פאָר אַלס די טערמאָפּילען*) פון אַלטען שקלאַפען־נעסט אין ווירגיניע, — דאָרטען האָט רזשאָן בראָון געקלערט צו אָנפאַנגען זיין אונטערנעהמונג, מיט דעם פּלאַן פון וועלכען מיר האָבען זיך שוין בעקאַנט.

א טאָג אויף צו בעפאַלען נאַרפערס־פעררי אונ דעם אַרסענאַל איז אָנגעצייכענט געוועזען דער 17 אָקטאָבער פון 1852 יאָהר. צו 30־סטען יוני האָט ער זיך שוין מיט זיינע קאַמעראַדען געפונען אין דעם געגענד. אַלס איין אָרט, וואו צו אַבלעגען געווער אונ איין פּלאַץ פאַר זיך אויף דער צייט האָט ער אָבגעדונגען א קליינע פערמע דאָ נאָהענט. טערסטענטהייל פון זיינע קאַמעראַדען פלעגען זיך בעהאַלטען ערגיץ אין די מקומות אונ ביי נאַכט נור פלעגען זיי אריין קומען אין דעם געדונגענעם הויז, די גאַנצע מחנה זיינע, מיט וועלכע ער האָט בדעה געהאַט צוקלאַפּען די מאַכט פון די אַלמעכטיגע פּלאַנטאַטאָרס, איז בעשטאַנען פון 23 מאָנער, אָנגעטענדיג שוין אין חשבון אי איהם זעלבסט, זיינע דריי זיהן אונ צוויי איידעמס; דאָ האָבען זיך אויך געפונען 6 נעגרען. נור דאָס זענען אַלץ געוועזען מאָננער מיט זעלטענזאַמער ענערגיע, אונבעגרענצטע טאַפּפערקייט אונ מיט גאָר איין ערהאַבענעם מאָראַלישען אידעאַל; מיט זייער גוטען ווילען זענען זיי אַוועק אויף דעם געפעהרליכען אונטערנעהם פעסט ענטשלאָסען צו שטאַרבען פאַר דעם אמת, צו וועלכען זיי האָבען געדיענט מיט אמונה אָהנע אַ ברעג אין זייער פיהרער.

פון די בעמערקונגען, וואָס זיינען איבער געבליעבען נאָך בראָונ'ן, געשריבענע מיט זיין אייגענער האַנד, איז צו זעהן, אַז די קאַמעראַדען פון דעם ערשטען אונטערנעהמונג זיינעם האָט ער שוין פאַר רעכענט אַלס אָפּעציערען אונ עלטסטע איבער די טהיילען פון דער קינפטיגער גרויסע מחנה, וועלכע האָט געזאָלט אויסוואַכסען פון דעם הויפען טאַפּפערע לייט. די

*) א שמאָלע באַרג־קליפּט, וואו עס האָבען 300 גריכען געשטרייט געגען א גרויסע מחנה פון פערסיאַנער.

גאַנצע אונטערנעהמונג איז געהיט געווען בסודי־סודות, אפילו נאָהנטע מיטפּיהלענדע אבּאָליציאָניסטען אין צפון האָבּען פון דעם געוואוסט נור אין אַלגעמיין, אָבּער קיינע פּרטים. מיטלען האָט ער בּאַזעסען גאָר קאַרגע, — 1,000 דאָלאַר, וואָס האָט געשענקט איין אַנטהיילנעמער אין דער עקספּעדיציאָן. דעם משך פון דריי מאָנהייטען, וואָס דזשאָן בּראָון מיט זיינע קאַמעראַדען האָבּען געוואוהנט אויף דער פּערמע אין מערילאַנד אונ געשטודירט מיט חריפות אַלע פּרטים אונ די געגענ־שטאַנדע פון דעם קאַנט, האָבּען זיי זיך אַזוי בּעהיטזאַמם גע־האַלטען, אַז די רוהיגע דאָרפס־לייט, מיט וועלכע זיי האָבּען אַ פערקעהר געהאַט, איז נישט איינגעפאַלען גאָר אין זינ'ן, וואָס פאַר אַ פערוועגענסטהאַט עס האָבּען דאָ אונטערגענומען אָט די וואהלע, שטילע מאָנער, וואָס וואהנען צווישען זיי. אין דער צייט איז צו בּראונ'ן אויף דער פּערמע געקומען אַ זעכצעהניאָהריגע טאָכטער זיינע מיט אַ שוועגערין אונ האָבּען פערבּראַכט אַ מאָנהייט בּיי איהם, דאָס זענען געווען די לעצטע גליקליכסטע טאָג אין זיין לעבען. אין אָנפאַנג אָקטאָבּער האָט זיין זוהן, אָליווער, אָבּגעפיהרט די גאָסט אויף דער פּערמע, וואו זיין פרוי מיט די איבּעריגע טאָכטער אונ שוועגערין האָבּען זיך געפונען, נאָכהער האָט ער זיך צוריק געקעהרט צום פאָטער.

ד'עם 16־טען אָקטאָבּער, אָבענד צייט — חשך איז געווען, אַ רעגען האָט געגאָסען, — האָט דזשאָן בּראון פער־זאַמעלט זיינע קאַמעראַדען אויף דער פּערמע. „מאַכט זיך גרייט מיט געוועהר, מיר וועלין געהן אויף פּעררי" — האָט ער צו זיי געזאָגט. ער האָט זיך אַריין געזעצט אין אַ צוגעגרייטעס וואָגיל, האָט אַהין אַוועק געלעגט אַ שווערען האַמער, אַ לאָם אונ נאָך אַנדערע אינסטרומענטען אונ די קליינע מחנה האָט זיך אַוועק געצויגען קליינע חברות־ווייס, כּדי ניט צו וואַרפען זיך וועמען אין די אויגען. אויפען עק בּריק. אויף די ווירגינער זייט, האָט זיך זיי געטראָפען דער־שומר, האָבּען זיי איהם בּאַלד אַרעסטירט, אונ דאָס קליין הויפעלע מאָנער, פון קיינעם ניט בּאַמערקענד, איז צו געקומען צום טהויער פון אַרסענאַל, וואָס האָט זיך

געפונען אויפֿין סאַמע ברעג. דאָ האָבען זיי זיך צו געשטעלט האַלב צעהן אָבענד; מיט די געציג, וואָס איז אין וואָגעל געווען, האָט מען אויפֿגעבראָכען די שלאָסער און מען האָט זיך געלאָזט אויפֿען הויף. פֿערהאַפּענדיג צוויי שומרים דאָ גאָר אָהנע רעש. דשאָן בראון און צוויי זיינע קאַמעראַדען זענען געבליעבען ביי'ן טהויער אַלס שומרים; פֿיערצעהן מאַנן זענען אוועק פֿערהאַפּען דעם זאַוואָד פֿון געוועהר. אָליווער בראָון מיט נאָך אַ קאַמעראַד האָט פֿערנומען דעם בריק, דאָרטען האָט ער פֿערהאַלטען איינינע מענשען און האָט זיי אָבגעשיקט צום פֿאָטער אין אַרסענאַל. דאָס אַלעס האָט זיך אָבגעטהון אָהן איין שאָס, און צו האַלבע נאַכט איז דאָס גאַנצע שטאָדטיל גאַרפֿערס־פֿעררי און דער אַרסענאַל מיט זיינע מייסטערסקעס ביי דושאָן בראונ'ן אין די הענט געווען. אין דער צייט האָט ער אוועק געשיקט אַ טהייל פֿון זיינע מענשען אין די אַרומיגע פּלאַנטאַציעס צו בעקומען לעבעדיגע „משכנות" פֿון די שקלאַפֿען אייגענ־טהימער און צו בעפֿרייען די שקלאַפֿען! צו מאָרגענס פֿריה האָט שוין דושאָן געהאַט מעהר פֿון דרייסיג געפֿאַנגענע. פֿערשלאָסענע אין אַרסענאַל. אין דעם חשבון האָט זיך אויך געפונען דער פּאָלקאָווניק וואַשינגטאָן, אַ פּערזאָן פֿון די הויפּט־רעגיערענדע אין ווירגינע, אַ זכר פֿון דעם גרויסען־פּרעזידענטס. ביז די צעהענטע שעה אויף מאָרגען פֿריה איז נאָך איינער פֿון בראונ'ס קאַמעראַדען ניט געהרג'ט געווען; זיי האָבען דאָס שטאָדטיל אין זייערע האַנד געהאַלטען, מיט זייער אונערוואַרטעטען, עזות'דיגען בעפֿאַל האָבען זיי אַזאַ טוידט־שרעקעניש געוואָרפֿען אויף דאָס שטאָדטיל און דעם געגענד אַרום, דאָס ווען דושאָן וואָלט טאַקע צו געהאָרט דעם ראַטה פֿון זיינע פֿריינד און וואָלט ביז „בעגינען" בעהאַלטען זיך מיט זיין מחנה אין די באַרג, וואָלט דער פּרוב פֿון דאָס ביסעלע דרייסיגע מאַנער געוויס בעקומען גאָר איין אַנדערע רעזולטאַט און אפשר וואָלט עס „געקערעוועט" גאָר דעם צוג פֿון די היסטאָרישע בעגעבענהייטען. נור, צוליעב פֿערשידענע אויס־ראָדענישען, האָט ער אַלץ אָבגעצויגען זיין אָבטראָטען, ביז עס

איז שוין געוואָרען צו׳ם לעצט ניט מאָגליך טאַקע.

אין דער פריה האָבען די איינוואוינער פון גאַרפּערס־פערדי און די אַרומיגע ערוואַכט און אויס געטשוכעט פון די טויט־שרעקעניש, זיי האָבען אָנגעפאַנגען צו זאַמלען זיך אַרום אַרסענאַל, עס האָט אויסגעבראָכען א פערוועגענס־שטרייט, אללע זיינע, וואָס האָבען זיך געפינען ביי׳ם טייך און אין זאַוואָד פון די געוועהר, זענען געווען ערמאָרדעט אָדער געפאַנגען. נאָך מיטאָג האָט ער געזאַמעלט צו׳ם טהויער פון אַרסענאַל די רעשט פון זיין מחנה אין דער מאַשינען־געביידע און האָט נאָך אַ פּאָר שעה אבגעריינגעלט זיך פון דער מאַסע געוואָפענטע לייט, וואָס האָט איהם אַרום געקרייזט פון אללע זייטען. צו דער נאַכט, ווען צום שלאַכטס־אָרט איז מיט אַ ראָטע זעלנער געקומען פון וואַשינגטאָן דער פּאָלקאָווניק לי (דער קינפטיגער חיל־אַנפיהרער ביי די דרומס׳לייט), זענען פון דזשאָנ׳ס קאמעראַדען נור זעכס שוין געבליבען; פון די זענען אויך צוויי פערוואונ־דעטע געווען און ער זעלבסט איז „אָבגעגאַנגען” מיט בלוט, זיינע צוויי זיהן זענען שוין טויטע געלעגין נעבען איהם.

פון דאָס הויפּען מאָנער, מיט וועלכע דזשאָן בראָון האָט בדעה געהאַט צו אָנפאַנגען לויז מאַכען דעם יאָך פון די שקלאַפען־אייגענטהימער, זענען פערניכטעט געוואָרען אין שטרייט און אויף דער תליה 17 מענשען, 7 פון זיי זענען זיינע פאַמיליען־גליעדער געווען.

אַפערוואונדעטען, קוים אַלעבעדיגען שוין, האָט מען דעם אַלטען מיט זיינע מיטשטרייטער גאַנץ געבליבענע געבראַכט אין טשאַרלסטאונער טהורמע, וואו מען האָט זיי חוקר־ודורש געווען און אַ משפט געגרייט. דאָס האָט געדויערט ביז ענדע נאָוועמבער, אין דעם פערלויף פון זעכס וואָכען צייט זיין פערפעסטיגען, האָט דער שטאַרבענדער מאַנן נישט אויפגעהערט זיין מונדליכען און געשריבענע פּראָפּאַגאַנדע קעגען קנעכטהייט. מיר ברענגען דאָ אין „אויסצוג” פון זיין לעצטען — זעהר אַ חאַראַקטערישער־בריף צו דעם בעוואוסטען אין אַמעריקע פּאַסטאָר און פּעדאַגאָג געמפרי. דער בריף איז געדרוקט געווען נאָך פאַר זיין לעבען

און האָט איהם ערוואָרבען אַללגעמיינעס מיטגעפֿיהל און אַכטונג, און מען האָט זיין טוידט בעטראַכט אלס אַ הייליגען קרבן...

„טהייערער פֿריינד, שרייבט ער — פֿאַר מיר ליעגט יעצט דיין גוטער בריף. אויף ווי פֿיעל מיר איז בעוואוסט, בין איך דער ערשטער פֿון אונזער משפּחה, רעכענענדיג פֿון פּעטער בראון, וואָס איז פֿערזעצט אין תּפֿיסה און פֿער־משפּט צו דער תּליה. נור, טהייערער פֿריינד, דאָס בעדאַרף דיך ניט קימער'ן, דו געדענקסט, ווי אַזוי עס איז געהרגט געוואָרען אונזער זיידע אין 1776 יאָהר, און ווען נור די אומ־שטאַנדען זאָלען זיין אומגעביטען, וואָלט איהם אויך מיט עשאַפֿאָט געשמעקט. אפשר איז דאָ קיינע אורזאַכע אויף צו פֿרייען זיך פֿון דעם סוף, וואָס מיר שטעהט פֿאַר, נור איך שרעק זיך ניט פֿאַר דעם... קיינע ליידען, קיינע „אַראָב פֿאַלען" שפּיר איך ניט צוליעב דעם, איך שעם מיך גאָר נישט פֿאַר מיינע קעטען און טוידט, וואָס ערוואַרטעט מיך... אין דעם קינפֿטיגען מאַי וואָלט מיר זעכציג יאָהר געוואָרען, איך האָב גענוג פֿערגניגען גענאָסען אויף מיין לעבען און בין העכסט גליקליך געוועזען, ווייל איך בין געוואוהנט געוועזען צו בעטראַכטען דעם צווייטענס גוטען־לעבען, ווי מיינעם זעלבסט... פֿאָל־שטענדיג געזונד בין איך מיין גאַנצען לעבען געוועזען און נאָך ביז יעצט ברויך איך קיינע ברילען... און יעצט, ווען מיר קומט אויפֿען זינען אַרויף, ווי לייכט וואָלט איך געקאָנט צערשמעטערען דאָס, וואָס איך האָב שוין איין געאַרבייטעט, דער נוצען פֿיר דער פֿרייהייט פֿון מענשען, דערוועג איך זיך גאָר ניט צו באַגער'ן אַלענגערען לעבען"...

די שאַנדליכע שטראָפֿע, וואָס האָט ערוואַרטעט אַזא מאַן, וואָס זיינע גוטע מדות האָבען נור וואונדער אַרויס גערופֿען, האָט אויפֿגעוועקט אין די פֿרייע אַמעריקאַנער שטאַאטען די היסטע געפֿיהלען פֿון מיטלייד און רחמנות. אומעדום האָבען זיך מיטינגען געזאַמעלט, עס זענען דערלאַנגט געוועזען פּעטיציעס, אין אַלע גאַזעטען האָט מען געדרוקט אַרטיקלען, וועלכע האָבען אַרויס גערופֿען

רחמנות פֿון דזשאָנס ריכטער. נור די ווירגיניער איינגע־טהימער זענען אָבער געבליבען שטייף אונ האַרט אונ עס איז פֿערמשפּט געוואָרען צו דער תּליה דער מאַן, וואָס האָט אַ באָזע פּניה געהאַט אויף זייער גליק.

פֿאַר דער סאַמע שטראָף, וועלכע האָט געפֿאָלגט דען 2־טען דעצעמבער 1859 יאָהר, האָט דזשאָן בראון איבער געגעבען צו אַ שומר פֿון טיורמע אַ שטיקעל פּאַפּיר מיט די פֿאָלגענדע שורות:

„איך, דזשאָן בראון, בין יעצט אין גאַנצען איינגעגלויבט, אַז נור בלוט אַליין וועט אָבוואַשען דעם גרויסען פֿערברעך פֿון דעם זינדיגען לאַנד".

די אַמעריקאַנער פֿלעגען אָפֿט אָנרופֿען דזשאָן בראָון'ן: „דער לעצטער פֿון די פּוריטאַנער". דאָס האַראַקטעריזירט איהם גאַנץ ריכטיג. ער איז אַ פּוריטאַנער געוועזען ניט נור לויט זיין שטאַם, נור ער האָט אין גאַנצען פֿערהיט די אמונה פֿון זיינע אָבות אין השגחה אונ וואונדערבאַרע צייכענונגען פֿון הימעל; אין איהם איז אויך פֿערבליבען די פּוריטאַנער פֿעראַכטונג צו לוקסוס, גלייכגילטיגקייט צו קונסט אונ זייערע שטרענגע גוטע מדות.

---

## VIII.

## דער פּרעזעס פֿון רעפּובליקא.

יעצט וועט אונז פֿאָרקומען אויפֿצובלאַטערן די סאַמע פֿינסטערע בלאַטער אין דער געשיכטע פֿון די פֿעראייניגטע שטאַאטען, בעריהרען די צייט, ווען — ווי לינקאָלן האָט זיך אויסגעדריקט — „די מחלוקת האָט גענומען הערשען אין הויז", דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך איינגעטהיילט אין צוויי פֿיינדליבע

לאַגער׳ן, און אין פערלויף פון איינינע יאָהר האָבען זיי צווישען זיך געפיהרט אַ בלוטיגען שטרייט, דעם שרעקליכסטען פון אלע אנדערע — איין אינערליכער שטרייט.

קוים איז לינקאָלן געמעלדעט געוואָרען אַלס פרעזידענט, האָט די אונצופריעדענהייט, וואָס האָט ביז יעצט, ווי אַ פונק, „געטליעט" אין פערשיעדענע טהיילען פון דרום, אָנגעהאָפּט, ווי אַ שרפה, אַלע דרום׳דיגע שטאַאטען. אַזויערנאָך, איז דאָס אויסוואָהלי׳ן אַאבראַם לינקאָלנ׳ן אַלס פּרעזעס אין די פעראייניגטע שטאַאטען געוואָרען אַ סיגנאַל צו איין אונגעזאַמטער שטרייט.

אין דעם אויסוואָהלען האָבען די דרום-לייט צוגעזעהן אַ חורבן פיר אַלע זייערע האָפנונגען. זיי האָבען פערשטאַנען, אַז פון יעצט איז אין געפאַהר ניט נור די פערברייטערונג, זאָגאַר דער עקסעסטענץ פון שקלאַפעריי אליין, אויף וועלכער עס איז געגרינדעט זייער גאַנצער עקאָנאָמישער געבוי. און זיי האָבען זיך בעשלאָסען מיט אַלע קרעפטען צו פערטהיידיגען זייערע רעכטע. באַלד נאָך דעם אויסוואָהלען האָט די געזאָצגעבער פערזאַמלונג פון דרום-קאַראַלינאַ געזאַמעלט אין טשאַרלסטאָן איין קאָנווענץ, וועלכע האָט איינשטימיג געמאָלדען, דאָס „דער בונד, וואָס האָט עקסעסטירט צווישען דרום-קאַראַלין און אַנדערע שטאַאטען אונטער דעם נאָמען די פעראייניגטע שטאַאטען אין אַמעריקא, איז פון יעצט צערשטערט". איין אָנהאַנג צו זייער אַבטהיילען זיך האָבען זיי אָנגעוויזען אויף די פיינדליכע בעציהונגען פון דער פּאַרטיי, וואָס האָט אויף דעם אויסערוואָהלען געזיעגט צו דער שקלאַפעריי-גרינדונג. באַלד נאָך דער ערקלאָהרונג איז בעשטימט געוואָרען אַ בעזאָנדער קאָמיסיאָן אויף צו איבער ריידען מיט אַנדערע שטאַאטען פון שקלאַפען איינענטהימער, אַז זיי זאָלען אָבפאַלען פון בונד, און מיט דער רעגיערונג פון די פעראייניגטע שטאַאטען — וועגען דעם פאַנאַנדער טהיילען דעם פערמאָגען און די חובות פון דער מלוכה. צום ענדע פעברואַר 1861 יאָהר האָבען זיך נאָך זעכס שטאַאטען אין דרום

בעשלאָסען אָבצושטעהן פֿון בונד, און אין גיכֿען האָבען די אַללע זיעבען שטאַאטען אויפֿגעהויבען די פֿאָהן פֿון אַ מרידה און זיי האָבען געגרינדעט זייער רעגיערונג זעלבסט, אָנרופֿענדיג זיך די קאָנפֿעדעראַל-שטאַאטען אין אַמעריקא. פֿאַר אַ פּרעזעס האָבען זיי אויסערוואָהלט דזשעפֿפֿערסאָן דעוויס׳ן און האָבען זיך געגרייט צו שטרייטען מיט די פֿעדעראַל — ווי זיי האָבען עס אָנגערופֿען — שטאַאטען אין צפֿון; זיי האָבען בעפֿאָר פֿער-חאַפּט די אוצרות פֿון געוועהר, וואָס האָבען זיך געפֿונען אין זייערע גרעניצען, די פֿעסטונגען, קריעגס-שיפֿען, טאַמאָזשנעס און פּאָסט קאַנטאָרען.

די פּאַרטיי אין דרום, ווי עס איז שוין געראָדט געווען, האָט אַ גרויסען אײנפֿלוס געהאַט אין לאנד, איהרע פֿאָרשטעהער זענען גאָר וויכֿטיגע בעאַמטע אין דער רעגיערונג געווען. יעצט האָט זיך ענטדעקט, ווי זיי האָבען גאָר אָהן שעמעריי בענוצט זייער מאַכֿט צו שטיצען דער פּאַרטיי פֿון שקלאַפֿען־אייגענ-טהימער. דער געוועזענער קריעגס-מיניסטאָר — איינער פֿון די פֿאָהיגע דרומס׳לייט — האָט נאָך בעפֿאָר צוגעגרייט פֿיעל געוועהר און קריעגס-פֿאָראַטהען אין די אַרסענאַלען פֿון צפֿון אויפֿ׳ן קאָסט פֿון דער רעגיערונג פֿון די פֿעראייניגטע שטאַאטען, און די אַלע פֿאָרראַטהען האָט ער פֿערוקט אין אַ זוינע פּונקטען, פֿון וואַנען די דרומס-לייט האָבען עס לייכֿט געקאָנט בעקומען. די קריעגס-פֿלאָטע איז צערוואָרפֿען געווען אין די ווייטערסטע טהיילען פֿון דעם לאַנד, און צו דעם אַלעם איז דער רייכֿסשאַטץ (אוצר-המלוכה) זיך אויסגעוויזען לעער.

ווי נור דער נייער פּרעזעס האָט פֿערטראָטען זיין פּאָליכֿטע, אין מאָרץ 1861 יאָהר, האָט ער זיך שוין באַגעגענט מיט אונגעהייערע שוועריגקייטען, וועלכֿע זענען נאָך האַרבער געוואָרען פֿון דער אומשטאַנדע, וואָס איינינע פֿון די פֿעראייניגטע שטאַאטען אין צפֿון האָבען אויס געזעהן אַלס גרויסע געגנער צו שטרייטען אָפֿענטליך מיט דער מרידה. וואָס האָט געשטרעבט צו צערייסען דעם בונד און האָט דראָהענד געאַרבייטעט. די שרעק פֿאַר׳ן אינערליכֿען שטרייט איז אַזוי שטאַרק געווען, אַז

פיעלע, אום צו פערזאָרגען אַשלום, האָבען איינגעשטימט זאָגאָר אָבטהיילען זיך פון דרום. אין דער רעדע, מיט וועלכער אברהם לינקאָלן האָט אַרויס געטראָטען, האָט ער מיט גאָר ריהרענדע רייד אַיינגערעדט די דרומס-לייט ניט צו וואַרפען זייער אלגעמיינע פאַטערלאַנד, ניט אָנצופאַנגען קיין ברודער-מאָרדערישע מלחמה. נור דאָס איז אַלץ אומזיסט געווען, די דרומס-לייט האָבען אויף אַ שלום נישט אַיינגעווילינגט, אונ דער צווייטער פרעזעס זייערער האָט פערפולל אַרויס געזאָגט זייערע פּלאַנער מיט איינע ווילדע וואָרטער: „מיט געוועהר אין די הענט, אַלעס מאַכענדיג חרוב דורך פייער אונ שווערט, וועלען מיר זיך בעוועגען אהין, וואו עס ערוואַרטעט אונז געוויס דער נצחון — אין די געדיכט-באַזעסענע שטאָרט אין צפון".

דאָס איז נישט געווען קיין פוסטעס דראָהען. אונ אין אַ מאָנהייט אַרום נאָך דעם פרעזעס רעדע, ווען דער אינערליכער מיניסטער האָט נישט צו גענומען די קאָמיסיע פון דרום, — ער האָט, לויט דער קאָנסטיטוציא, ניט ערקאָנט זייער רעכט צו אונטערהאַנדלען וועגען צעררייסען דעם בונד, — האָבען די דרומס-לייט בעלאָגערט דעם אופער-פעסטונג סאָמעטער אין טשאַרלסטאונער האַפען, וואו עס האָט זיך געפונען אַהאַרניזאָן פון צפון פון זיעבעציג סאָלדאַטען אונ האָבען עס פערנומען נאָך זעכס-אונ-דרייסיג שעה באָמבאַרדירען. דאָס איז געווען דעם 14-טען אַפּריל 1861 יאָהר.

אזאַ גוואַלדיגקייט, וואָס איז אַרויסגערופען געווען גלאַט אומזיסט, האָט אַ ענדע געמאַכט פון אללע ספסוכים אונ האָט פעראייניגט אַללע שטאַאטען אין צפון מיט דעם צוועק צו אונטערדריקען די מרידה פון דרום אונ צו פערהיטען גאַנץ דעם בונד.

אין איניגע טאָג אַרום האָבען זיך די איינוואָהנער פון די שטאַאטען אין צפון מיט התפעלות, „אַבגערופען" אויף דעם פרעזידענטס אויסרופען צו בעוואָפענען 75 טויזענד מאַן, דאָס זעלבע אויף פיעל אַנדערעס, וואָס האָט באַלד נאָך דעם געפאָלגט.

עס איז צו באַמערקען, וואָס אין דעם סאַמטער קריטישען מאָמענט האָט דער אַלטער געגנער לינקאָלנ'ס, דוגלאַס, וואָס האָט אומגעביטען זיין מיינונג וועגען שקלאַפען אין די דרומס-לייט, אונטער דער ווירקונג, וואָס סאַמטער איז צער-שטערט געווען, דער ערשטער געקומען פאָרלעגען זיין ראַטה אונ הילף. ווען דער פרעזידענט האָט פאַר איהם דורך געלעזען זיין פראָקלאַמאַציאָ איבער דאָס צונויפזאַמלונג פון די 75 טויזענד מאַן, האָט דוגלאַס באַמערקט: "ביים אום דעם ציפער אויף צוויי הונדערט טויזענד; איך וויים געגויער פון אייך די פערדאָרבענע שטרעבונגען פון די פערבראָכער". אונ די צוויי לייט, וואָס זענען שונאים געווען אַ משך 20 יאָהר, זענען פון יעצט אָן די נאָהענסטע פריינד געוואָרען.

די מרידה האָט אָנגענומען אַ ריעזיגע מאָס; אַלע דרומ'דיגע שטאַאַטען, אויסער פיער, זענען צו געשטאַנען צו די קאָנפע-דעראַטען; אונ גיך האָט "דאָס גרויסע אומגליק", — ווי לינקאָלן האָט מיט קומער אָנגערופען די מלחמה — אויסגעדאָנערט איבער דעם גאַנצען לאַנד. מיר וועלען זיך דאָ בענוגענען מיט גאָר אַ קורצען איבערזיכט די צופאַלען, וועלכע האָבען יעצט געפאָלגט שנעל איינס נאָך דאָס אַנדערס, דען בשרייבען אויספיהרליך די בלוטיגע מלחמה וועט נישט צו פאַסען ניט די מאָס, ניט דער פראָג-ראַם פון אונזער סקיצע. דער ערשטער וויכטיגער עפיזאָד אין דער מלחמה, נאָך דעם חורבן פון סאַמטער, איז דאָס, וואָס די קאָנדעפעראַטען האָבען אָבגענומען ביי גאָרפערס פעררי דעם אַרסענאַל, אין דער זעלבער צייט האָט דער היל פון בונד געמוזט פערניכטען גאַספאַרטער אַדמיראַלווערדע, כדי דאָס זאָל אויך ניט אַריין פאַלען אין די הענד צו די דרומס-לייט; דער צו האָבען די פעדעראַליסטען פערלוירען אַ גרויסען סכום געוועהר, קריעגס-געראַטהע אונ שיפען, גאָכדעם איז געווען דער בעוואוסטער קאַמפף נעבען בולס-רען, וואו די צפונס-לייט האָבען בעקומען אַ קלאַפף פערפול; נור פון דער צווייטער זייט איז דער קלאַפף ניט גאָר אָהנע נוטצע פאַר זיי געווען: דאָס האָט זיי אַרויסגעוויזען די גאַנצע שוועריגקייט פון דעם פאָרקומענדען

שטרייט און האָט זיי געצוואונגען צו קאָנצענטרירען נאָר זייערע קרעפטען און ענערגיע. קיינע צווייפעל, אז אַזוי האָט אויך געקלעהרט לינקאָלן. ער האָט באַלד געפאָדערט פון דעם פאָלק נאָך אַ האַלב מיליאָן סאָלדאַטען, און די צפונס'לייט האָבען אין איהם אַזוי געגלויבט, אַז ווען ער האָט געבעטען צו בעפאָלמאַכטיגען איהם אויף אַזעלכע טהאַטען, וועלכע זאָלען דעם שטרייט מאַכען „קורץ און ענטשלאָסען", האָט דער קאָנגרעס איינשטימיג כמעט צוגענומען די רעזאָלוציאָן, לויט וועלכער דער קאָנגרעס האָט זיך מתחיב געווען צו געבען אין לינקאָלנס רשות די נאָטווענדיגע סוממען געלד און מענשען צו אונטער דריקען דעם דרום.

גיך נאָכהער זענען די קריעגס-אָפּעראַציאָנען ביי די צפונס'לייט אַוועק מיט עטוואָס מעהר הצלחה און צום ענדע יאָהר, — ווען זיי האָבען שוין געהאַט אַ חיל פון זעכס הונדערט טויזענד מאַן — האָט די איינריכטונג פון מיליטער איבער דער קריעגס-ביהנע מבטיח געווען פאָרשריטע. נור אין 1862 יאָהר האָט זיך אַוועק געצויגען אַרייהע גרויזאַמע געשלאָג, אויף דער יבשה און אויפ'ן ים, און די צפונס-לייט האָבען אַלץ געליטען אונגליק; אַזוי איז חרוב געוואָרען מאַק-קלעלאַנ'ס אַרמעע, וואָס איז געגאַנגען אויף ריטשמאָנד, ער האָט בעקומען אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ אין אַ גאַנצע רייהע בלוטיגע געשלאָג און האָט אָנגעוואָרען 15 טויזענד מאַן.

לינקאָלן אָבער האָט מוטה נישט פערלאָרען און אין מאָנאַט יולי האָט ער געפאָדערט דריי הונדערט טויזענד מאַן, און אין אַ מאָנאַט אַרום נאָך אַזוי פיעל, צו ערפילען די רייהען (рядь) אין צפונ'ער אַרמעע. ער האָט זיך מיט דעם ניט באַגנוגענט און האָט זיך יעצט ענטשלאָסען צו ערפילען אַזוינס, וועלכעס ער האָט שוין פון לאַנג געקלערט, וואָס איז זיין גרעסטע טהאַט אין לעבען, וואָס האָט אונשטאָרבליך געמאַכט זיין נאָמען.

ביז יענער צייט האָט זיך דער פרעזעס נאָך ניט ערלויבט צו אָנצייגען די שקלאַפעריי-פערניכטונג; ער האָט געדענקט,

אז די פֿערהאַסטע גרינדונג איז דאָך געשטיצט אין אַנדערע שטאַאטען אויף דער רעכט פֿון דער קאָנסטיטוציאָן. די מלחמה איז האָטש ווירקליך געווען אַ שטרייט מיט שקלאַפֿעריי, נור אַפֿענטליך האָט עס געציעלט צו אונטערדריקען די מרידה אין דרום'דיגע שטאַאטען, וועלכע האָבען געוואָלט פֿערברייטערן קנעכטשאַפֿט אויך אין אַנדערע טהיילען פֿון בונד, אונ, ווייל זיי האָט ניט געלונגען דער פּלאַן, האָבען זיי זיך בעשלאָסען צו „אָבשטעהן" פֿון דער רעפּובליק. אונ אַז לינקאלן האָט דער־זעהן, אַז די מלחמה מיט אַל־די שרעקען ציהט זיך שוין דעם צווייטען יאָהר, אונ עס איז גאָר קיין ענדע ניט אַרויס צו זעהן, האָט ער זיך איבערצייגט. אַז די שקלאַפֿעריי, וואָס איז דער וואָרצעל פֿון דער מרידה, בעדאַרף פֿערניכטעט ווערען. אונ ער האָט בעפֿרייט דריי טויזענד נעגרען אין דער פּראָווינץ קאָלומביע, וואו עס געפֿינט זיך וואַשינגטאָן. ער האָט פֿערשפּראָכען פֿריי־הייט צו די אַלע נעגרען, וועלכע וועלען זיך שטעלען אין די רייהען פֿון צפֿונ'ס־ארמעע, — מיט דעם האָט ער זיך ענטשלאָסען צו ערלייזען זיי אין אַלע שטאַאטען, דאָס האָט בעשטימט דעם וויכטיגען כאַראַקטאַר פֿון דער מלחמה, אַלס אַ שטרייט מיט קנעכטשאַפֿט. פֿאַר דעם ענטשיידענדען שריט איז געווען דעם פּרעזידענטס אַ פּראָקלאַמאַציאָ, וועלכע האָט ערשיינט אין סעפּטעמבער 1862 יאָהר, אין דער זעלבער פּראָק־לאַמאַציאָ איז געווען, אַז אויב צו יאַנואַר 1863 יאהר, וועלען די קאָנפֿעדעראַטען ניט אַוועק לעגען זייער געוועהר, דאַמאָלס וועלען אַלע שקלאַפֿען אין די שטאַאטען, וועלכע זענען אויפֿ־געשטאַנען קעגען דעם בונד, געמעלדעט ווערען, בעפֿרייטע. די דרומדיגע שטאַאטען האָבען זיך ניט אונטערגעגעבען צו לינקאָלנס פֿאָדערונגען אונ דעריבער זענען לסוף בעפֿרייט געוואָרען 4 מיליאָן קנעכט; פֿיעלע פֿון זיי האָבען זיך געשטעלט אין די רייהען פֿון צפֿונ'ער אַרמעע קעגען זייערע געוועזענע הערשער, אונ מיט דעם האָבען זיי מאָגליך געמאַכט פֿאַר די צפֿונ'ס־לייט פֿיעל אײַנגעשפּאַרטער אַלס פֿריהער צו פֿערלאָנגערן די מלחמה.

לינקאָלן האָט בכּיון אָבגעהאַלטען פֿון צו בעקאַנט מאַכֿען מיט זיין פּראָקלאַמאַציא ביז סעפּטעמבער 1862 יאָהר, ווען עס איז אָנגעקומען אַ נאַכריכֿט פֿון דער ערשטער פֿאָרשריטע ביי די צפֿונס־לייט. כּדי ניט צו געבען איין אויסרעד זיינע געגנער צו „פֿערטייטשען" זיין אויסרוף צו די נעגרען אַלס אַ צייכֿען פֿון זיין שוואַכֿקייט. עס איז דאָ אַ געוויסע ידיעה, ווי דער פּרעזידענט האָט אונטער יענער צייט פֿייערליך געשוואָהרען, אַז אויב די קאָנפֿעדעראַטען וועלען אַרויס געיאָגט ווערען פֿון פּענסילוואַניע, וועט ער געווינען גליקליך דעם זיעג פֿון די שקלאַפֿען־בעפֿרייאונג. ווען ער האָט אונטער געשריעבען דעם 1־סטען יאַנואַר 1863 יאָהר, די געוויסע פּראָקלאַמאַציע צו בעפֿרייען, האָט ער באַמערקט פֿיר די פֿיעל בעזוכֿער אין וויסען הויז *). וועלכֿע ער האָט בעדאַרפֿט די הענד דריקען: — איך האָב אונטער געשריבען מיט אַ ציטערענדע האַנד; זי איז מיהד, נור מיין בעשלוס איז פֿעסט. אין סעפּטעמבר האָב איך מודיע געווען די דרומס'לייט, אַז אויב זיי וועלען זיך ניט צוריקקעהרען צום בונד און וועלען ניט אויפֿהאָרען הרגנ'ן אונזערע סאָלדאַטען, וועל איך אַ טרייסעל טהון דעם סאַמען שטאַם פֿון זייער מאַכֿט, יעצט בין איך גרייט צו ערפֿילען מיין פֿערשפּרעכֿען ביז לעצט.

די פּראָקלאַמאַציע, ווען זי איז בעקאַנט געוואָרען, האָט אַלעמען געפֿרייט, די געגנער פֿון שקלאַפֿעריי האָבען יעצט אַרויס געזעהן דעם סוף פֿון דער שרעקליכֿער מלחמה, די צווייפֿלער האָבען בעקומען אמונה, און, איבערהויפּט איז יעצט אַלעמען קלאָר געוואָרען, אַז עס ווערט שוין אַ סוף פֿון דער קנעכֿטשאַפֿט. איינער איין אַ מעריקאַנער שריפֿטשטעלער דריקט זיך אַזוי אויס: „קיינע וואָרטער זענען ניט אימשטאַנדע אויס צודריקען די געפֿיהלען פֿון פֿריידע און דאַנקבאַרקייט, וועלכֿע די פּראָקלאַמאַציע האָט אַרויסגערופֿען ביי דעם שוואַרצען שבט, וואָס האָט זיך אַזוי לאַנג געפּייניגט אין קנעכֿטשאַפֿט, פֿאַר וועלכֿען עס

*) אַזוי האָט געהייסען די אָפֿיציעלע רעזידענץ פֿון דעם פּרעזידענט אין וואַשינגטאָן.

האָט זיך ערשט יעצט געוויזען דער גליקליכער וועג צו פרייהייט.

די אונבארעמהארציגע מלחמה האט זיך נאך געצויגען אין 1863 יאהר, די צפון'ער האָבען אלס געליטען א קלאפּ נאך אקלאפּ און עס איז געוועזען צו ערקענען צווישען זיי מוטהלאָזיגקייט; אָבער אין לינקאָלנ'ן און אין זיינע פעהיגקייטען צו בייקומען אלע אונגליקען, וואָס האָבען געדראהעט איבער דער רעגיערונג, — האָבען זיי געגלויבט. און די האָפנונגען זייערע האָבען זיי נישט אָבגענארט. פון האלב יאהר אָן האָט דאָס גליק אומגעקעהרט צו זיי זיין ליכטיגען פנים. אין יוני 1863 יאָהר, זענען די דרומס-לייט, וואָס האָבען זיך אריין געריסען אין מערילאנד און פענסילוואניען, צערשלאָגען געוועזען נעבען געטעסבורג און ביי דעם זעהר פיעל פערלוירען. דאָס געשלאָג איז ווירקליך געוועזען א צוריקקעהרענדער-פונקט אין דער מלחמה, און יעצט האָבען די דרומס-לייט שוין פערלאָרען די האָפנונג צו איינ-בראָכען די מאַכט פון צפון.

לסוף יאָהר, אויפ'ן רעכטען שלאַכטס-פעלד, וואָס א געוויסער טהייל איז אבית-עולם געוואָרען פאר די געפאלענע אין דעם שטרייט, האָט לינקאָלן נאָך דער פייערליכער צערמאָניע ארויס געזאָגט די פאָלגענדע וואָרטער.

„מיט 80 יאָהר צוריק, אויף דעם זעלבען אָרט האָבען אונזערע אָבות א נייעם נאציאָן אויף דער וועלט געבראכט, ביי וועלכען די פרייהייט איז א „היבען” געוועזען, וועלכע האָט געגלויבט, אַז אלע מענשען ווערען גלייכע געבוירען. יעצט פיהרען מיר א גרויסען שטרייט, וועלכער בעדאַרף צייגען דעם פעסטען עקסיסטענץ פון דער רעגירונג, וואָס איז אויף אזויגע עיקרים געגרינדעט.

„מיר זענען זיך צונויף געקומען אויפ'ן פעלד, וואו עס איז פאָרגעקומען איינע פון די סאמע בלוטיגע געשלאָג פון דער מלחמה, צונויף געקומען צו הייליגען א טהייל פון דער פעלד פאר אייביגער רוה פאר די יעניגע, וועלכע האָבען זייער לעבען געאָפּפערט אום צו בעפעסטיגען דעם נאציאָנס לעבען. מיר

טהוען א פיינע זאך, נור אין פאלען זינן דעם ווארט, זענען מיר ניט מעהר אימשטאנד צו הייליגען דאס ארט: די טאפּפערע לייט, ווי לעבעדיגע, אזוי די דא בעגראבענע, האבען דאס שוין פריהער פון אונז געטהון"...

„די ווארטער, וואס זענען דא גערעדט, וועלען אויף לאנג בלייבען אין די עראיננערונג פון מענשען; אבער די מעשים פון די לייט וועלען קיינמאל פערגעסען ווערען, גיעבער ברויכען מיר, די לעבעדיגע, בעגייסטערטע פון זייער ביישפיעל, ווידמען זיך צו דער גרויסער ארבייט, אונ זייער בלוט זאל ניט זיין אומזאנסט פערגאסען; זאל אונזער נאציאן, נייגעבוירען ווערען צו פרייהייט, זאל די פאלקס-רעגירונג — פון פאלק אונ פיר דאס פאלק — נישט פערשווינדען פון דער ערד".

נאך דעם נצחון ביי געטעבורג, האבען די צפונס-לייט אין דעם זעלבען מאנאט גובר געווען זייערע געגנער ביי וויקסבורג אין ביי'ן האפען גרזאן.

---

## IX.

## אין דעם ווייסען הויז.

ווי מיר האבען שוין געזאגט, האבען די פעראייניגטע שטאאטען אין אמעריקא איבערגעלעבט יעצט דעם סאמע פינסטערען פעריאד פון זייער געשיכטע. פארשטעהט זיך, ווי פיעל ענערגיע, שטאנדהאפטיגקייט אונ פאליטישע וויסענשאפט האט זיך געפאדערט פיר דעם מאנן, וואס האט די רעגיערונג געפיהרט אין אזא צייט, ווען דער עקסיסטענץ פון דער רעגיערונג איז אין געפאהר געווען. לינקאלנ'ס לעבען איז אזוי שוין געווען די לעצטע פיער יאהל פולל מיט אונרוה אונ

אויפרעגונג, יעצט האָט עס אָבער פאַרגעשטעלט אין רייהע דאַגות, אָהנע אויפהער, וואָס האָבען געפאָדערט איבער-מענשליכע מיה; אַזויערנאָך האָט אפילו דער „אייזערנער" מאַן, וואָס איז געוואהנט געווען אין אַרבייט און פערשיעדענע דחקות, אָנגעפאַנגען צייטען-ווייס אָבשוואַכט ווערען אונטער דער שווערקייט פון דער שרעקליכער לאַסט. די, וואָס האָבען איהם פון איללינאָיס געקאָנט פאַר אַפרעהליכען שטאַנדיג, פאַר אַ געזונטען, פולל לעבען און הומאָר, האָבען יעצט אין איהם געזעהן איין אויסגעמאָרעטען מענשען פון אַרבייט, מיט טיעפע קנייטשען אויפען פנים, די גאַנצע צייט, וועלכע ער איז פרעזידענט געווען, האָט ער זיך קיינע רוה ערלויבט, און ווען אַנדערע זיינע מיט גליעדער אין דער רעגיערונג פלעגען אָפטמאָל אין די זומער-היצען אַרוים פאָהרען פון וואַשינגטאָן אויסען שטאָדט, האָט ער קיינמאָל די הויפטשטאָדט נישט פערלאָזען און איז אַלץ אונגעביטען פערבליעבען אויף זיין שטעל, ביז עס זענען ניט העריבער די געפעהרליכקייטען, וואָס האָבען געדראָהעט.

ביי די אַלע דאַגות פאַר דער רעגיערונג און ביי אַזא אונגעהייערע קאָפּף-אַרבייט, איז לינקאָלן דאַן איבערגעבליעבען דער זעלבער גוטער, אָהן אַ ברעג, אייניפאַכער מענש, ווי ער איז אין זיין יוגענד גיוועזן. די הויפט-שטריכען פון זיין הומאַנישער נאַטור זענען יעצט בעזאָנדער העל אַרויסגעוויזען זיך. דעריבער וועלען מיר דאָ בריינגען איניגע חאַראַקטערישע עפּיזאָדען פון זיין לעבען בעת די מלחמה אין וואַשינגטאָן. מיר נעמען דאָס פון קאַרפענטערס בוך: „6 מאָנאַטען אין דעם ווייסען הויז".

איינמאָל, ווען ער האָט אָנגענומען בקשות אין דעם ווייסען הויז, האָט ער בעמערקט צווישען אונגעהייער פיעלע בעזוכער, אַ יונגלינג פון אַ יאָהר 13, אַ קראַנקליכער אויסזעהן, וואָס האָט געוואַרט אויף זיין אָטשערעד. לינקאָלן האָט איהם צוגערופען: „קום אַהער, מיין קינד, דערצאָהל מיר, וואָס באַנערסטו?" דאָס יונגלינג האָט געענטפערט מיט איין אָבגעהאַקטער שטימם: „הערר פרעזעס,

איך בין צוויי יאָהר צייט אַ באַראַבאַנשציק אין פּאָלק געוועזן, נור דער פּאָלקאָווניק איז אויף מיר אין כעס געוואָרען אונ האָט מיך אַרויס געיאָגט. איך בין קראַנק געוואָרען אונ בין לאַנג אין האָספּיטאַל געלעגען. מע האָט מיך ערשט אויסגעשריעבען, בין איך געקומען בעטען — צי קאָן מען ניט פון מיינטוועגען עפּיס טהון". דער פּרעזעס האָט אויף איהם פריינדליך אַ בליק געטהון אונ געפרעגט וואו וואהנט ער. „קיין היים איז ביי מיר נישטאָ" — האָט דאָס יונגלינג געענטפערט. „וואו איז דיין פאָטער?" — „ער איז געשטאָרבען אין דער מלחמה". „דיין מוטער וואו געפינט זיך?" — האָט דער פּרעזעס אַלץ נאָך געפרעגט. „די מוטער איז אויך געשטאָרבען. איך האָב נישט קיין פאָטער, קיין מוטער, קיינע ברידער... איך האָב קיינעם"... האָט דאָס יונגלינג צוגעלעגט אונ צעוויינט זיך. לינקאָלנס אויגען האָבען זיך אויך מיט טרעהרען אָנגעגאָסען. „צי קאָנסטו ניט גאַזעטען אַרום טראָגען צום פערקויפען?" „ניין — האָט דאָס יונגלינג געזאָגט" — איך בין נאָך גאָר שוואַך; דער דאָקטאָר האָט מיר נישט ערלויבט לענגער בלייבען אין האָספּיטאַל, אונ קיין געלט האָב איך נישט אונ געהן האָב איך אויך ניט וואו". די סצענע, ווי עס בעשרייבען זי די צוקוקער, איז ביז גאָר ריהרענד געוועזן. דער פּרעזעס האָט גענומען אַ קאַרטעל אונ אָנגעשריבען אַ פּאָר שורות מיט אַ בקשה „צו פערזאָרגען דעם אָרמען יונגלינג", האָט עס איהם איבער געגעבען אונ אָנגעוויזען צו וועמען ווענדען זיך. דאָס יונגלינג איז אַוועק מיט אַ שמייכעל אויפ'ן פנים, בערוהיגט מיט דעם געדאַנק, אַז ער האָט יעצט פאַר זיך אַ פריינד בעקומען — דעם פּרעזעס פון די פעראייניגטע שטאַאטען...

נאָך אַ מאָל האָט אַזאַ מעשה פּאַסירט: צוויי אַלטינקע פון דער פּראָווינץ האָבען אין אויפנעם-צימער ערוואַרטעט זייער אָטשערעד צו ראָדען עפּיס מיט'ן פּרעזעס. „יעצט איז דיין אָטשערעד — האָט דער אַלטינקער געזאָגט צו זיין פרוי, ווען לינקאָלן האָט אָב געפּאַטערט דעם פאָריגען. די אַלטיטשקע האָט פּאָר-אויס אַרויס געטראָטען, האָט אַ ניעדעריגען רעווערענס געמאַכט

און געזאָגט: „הערר פּרעזעס". לינקאָלן האָט זיך אומגעקעהרט, האָט איהר די האַנד געדריקט און נאָר פריינדליך געפרעגט: „גוטע מאַדאַם, מיט וואָס קאָן איך אייך דיענען?" "הערר פּרעזעס" — האָט די אַלטיטשקע אָנגעהויבען ווייטער: „איך בין אַזוי אויפגערעגט, דאָס איך קאָן קוים רעדען. מיר איז נאָך קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו ראָדען מיט'ן פּרעזעס. איך בין אַ פרוי, וואָס איז איבערגעגעבען צום בונד, איך וואהן אין מערילאַנד: מיין זוהן איז שווער פערוואונדעט, ער ליעגט אין האָספּיטאַל; איך האָב געבעטען לאָזען איהם צו מיר, האָט מען מיר געזאָגט, אַז איך זאָל זיך צו אייך ווענדען. ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען, האָב איך איהם געשיקט שלאָגען זיך מיט די דרומס'לייט; אַז איהר וועט מיר ערלויבען נעמען איהם אַ היים, וועל איך אַרום איהם אַרום געהן און ווי עס וועט איהם נור בעסער ווערען, וועט ער ווידער געהן איינשטיללען די „מאַטעזשניקעס" פון דרומס-לייט, מיין זוהן איז אַ וואהלער יונג, ער וועט נישט וועלען אַבי אויסדרעהען זיך פון דיענסט". ביי לינקאָלנ'ן, אויסהאָרענדיג די אַלטיטשקע, האָט אַ ליפּ פערציטערט. „יאָ, יאָ! זייט געבענשט פון גאָט! דעם זוהן וועט מען אייך אַרויס געבען, אויב ער איז נור ביי די קרעפטען צו דיהרען זיך פון האָספּיטאַל". ער האָט פאַר איהר אָנגעשריעבען אַ קאַרטעל צום דאָקטאָר.

אַ גענעראַל פון דער טהאָטיגער אַרמעע פערצאָהלט, וואָס פאַר איין האַס לינקאָלן האָט געפיהלט צום טוידט-בעשטראָפען פאַר פערבראָכען אין חיל. ער ברייננט דעם פאָלגענדען צופאַל: „אין דער ערשטער וואָך שוין, ווי איך האָב איבער גענומען די קאָמאַנדע, האָבען זיך ביי מיר אָנגעהאַפט 24 איבער-לויפערס, וואָס זענען פעראורטהיילט געוואָרען דורך דער קריעגס-ריכטונג צום ערשיססען. דער פּרעזעס האָט בעדאַרפט אונטער שרייבען דעם אורטהייל, האָט ער זיך ענטזאַגט. בין איך געפאָהרען אין וואַשינגטאָן פערזאָנליך צו ערקלעהרען זיך. „הערר פּרעזעס" וויל איך איהם איינראָדען: דער בעוויז איז נויטהווענדיג; ווען ניט איז אוים די דיסציפּלין אין דער אַרמעע. ביי דעם צופאַלל וועט

דער חסד מיט איינינע זיך אָברופען שלעכט אויף די פיעלע".
„ניין, גענעראל" — ענטפערט ער מיר — גענוג איז אויסער דעם אלמנות, וואס מאכען נאס די פעראייניגטע שטאאטען מיט זייערע טרעהרען. פאָדערט ניט פון מיר, אַז איך זאָל זייער צאהל גראָסער מאַכען; איך וועל דאָס ניט טהון".

דער סענאטאָר פון קאָנגרעס, מיסטער קעלאַג האָט, זיינענדיג אין וואַשינגטאָן, אַ טעלעגראַמם בעקומען, אַז אַ שכן זיינער, וועלכען ער האָט איינגעראָדט אָנקומען אין מיליטער, איז פאר עפּיס אַוויכטיגען פערברעך פעראורטהיילט פון קריעגס-ריכטונג צום ערשיעסען — אונ מאָרגען טאַקע. אויפגערעגט שרעקליך איז ער אַוועק צום קריעגס-מיניסטער; נור אַלע זיינע בקשות האָבען גאָר נישט געמאַכט. יענער האָט גיענטפערט: „שוין זעהר פיעל צופאַלען אַזוינע זענען אונבעשטראָפט געבליעבען". גאָר פערצווייפעלט האָט זיך קעלאַג פון דעם מיניסטער געלאָזט צום ווייסען הויז, דער וועכטער האָט איהם נישט געוואָלט אַריין לאָזען. עס איז שוין געווען שפעט אונ דער פרעזעס האָט זיך געלעגט שלאָפען. קעלאַג האָט גובר געווען אַלע מניעות, האָט זיך אַריין געשלאָגען צו איהם אין שלאָף-צימער אונ האָט איהם פערציילט מיט אויפרעגונג אין שטימע וועגען דער טעלעגראַמם. „דעם מענשען קאָן מען נישט שיעסען, הערר פרעזעס" — האָט ער געזאָגט. „איך מאַך איהם נישט גערעכט. אָבער ער איז דאָך מיינער איין אלטער שכן, ווי קאָן איך דאָס צולאָזען, אַז מען זאָל איהם שיעסען!" לינקאָלן האָט, ליעגענדיג אין בעטט, רוהיג אויסגעהאָרט זיין אַלטען קאָלעגע אונ האָט ענדליך געזאָגט: „יאָ, איך זעלבסט קלעהר, אַז דאָס ערשיעסען וועט איהם קיינע נוצען בריינגען. גיט מיר אַ קאָרשט אַ פעדער", אונ ער האָט אָנגעשריבען אַ באַפעהל פון חסד.

אַ מאָל האָט לינקאָלן, צווישען אַנדערע ביטטענדע, באַמערקט איין אָרמע קראַנקע פרוי, ער האָט זי פערגעדער געפרעגט, זי האָט איהם פערצאָהלט, אַז איהר מאַן אונ 3 זיהן זענען אין מיליטער געווען; דעם מאַן האָט מען נישט לאַנג

געהרג'ט, זי איז נאָר אליין געבליעבען, איז זי נאָטוועדיג, בעדאַרף שטיצע; לכן בעט זי אָבלאָזען איהר דעם אָלטערען זוהן. לינקאָלן. לויט עס פערצעהלט אַזעלכער, וואָס האָט מיט זיינע אויגען געזעהן, האָט אויפמערקזאַם אָנגעקוקט דער פרוי אין פנים אין האָט איהר געענטפערט מיט גאָר אַ פריינדליכער שטימע: „געוויס, געוויס אַזוי. אללעס, וואָס איהר האָט געהאַט, האָט איהר אָבגעגעבען; היינט אַז איהר האָט פערלאָרען אייער הויפט שטיצע, האָט איהר גאָר די רעכט צו בעקומען איינעם פון די זיהן". ער האָט שוין אַרוים געגעבען דער מוטער אַ בעפעהל אויף צו פריי לאָזען איהר זוהן. אין אַ וואָך אַרום האָט זי זיך ווייטער געוויזען. די אונגליקליכע האָט פערשפעטיגט. פון דעם פאָלקס-קאָמאַנדיר האָט זי דערוואוסט, אַז איהר זוהן, וואָס האָט דאָרטען געדיענט, איז געשטאָרבען פון אַנגעפאָהליכער וואונד, וואָס ער האָט בעקומען אין איינע פון די לעצטע געשלאָג. לינקאָלן האָט אָנגעקוקט די פרוי אַ פערשלאָגענע פון צער, ער האָט אויסגעהערט איהר טרויער און עס האָט איהם זעהר טיעף גערירט, ער האָט געזאָגט: „איך וויים שוין אייער פערלאַנג; איך וועל אַלעס טהון אָהן אייער בקשה; איך לאָז אייך אָב דעם צווייטען זוהן"; און האָט איהר ווידער שוין אָנגעשריבען אַ בעפעהל אויף דעם. איבערגעבענדיג איהר דאָס קאָסטבאַרע פאַפּיערעל, האָט ער געזאָגט: „פון די צוויי געבליעבענע יונגען וועט ביי אונז ביי יעדען צו איינעם זיין; אַזוי איז גאָר עהרליך צוטהיילט", די פרוי איז גערירט געוועזען ביז טרעהרען, זי האָט איהר האַנט געלעגט לינקאָלנ'ן אויפ'ן קאָפּף און האָט פייערליך אויסגעשריען: זאָל אייך גאָט בענשען, מיסטער לינקאָלן. זאָל ער אייך מאריך ימים זיין און איהר זאָלט בעשטאָנדיג זיין דער פיהרער ביי דעם גרויסען פאָלק!"

נור איינמאָהל, ווי מען פערצעהלט, איז דער פרעזיעס איין עקשן געבליבען. דאָס איז אַזוי געוועזען, אַ געוויסער האָנדלער פון שקלאַפען איז אין טהורמע פערזעצט געוועזען און פעראורטהיילט צו בעצאָהלען טויזענד דאָלאַר שטראָף. ענדע דעם

טערמין פון זיין ארעסט, האט ער אנגעשריבען אבקשה־בריף צו לינקאלנ'ן: היות ווי ער איז ניט אומשטאנדע געווען צו בעצאהלען דעם שטראף, בעט ער מוחל זיין איהם, חאטש זיין פערברעך איז ער מודה. דער בריעף האט קיין איינדרוק ניט געמאכט אויפ'ן פרעזעס. „מען קאן מיך איינבעטען צו מוחל זיין אפילו א מארדער — האט ער געזאגט — איך וויים עס, אז צופיעל ווייך — הארץ באזיץ איך, און דאס איז מיין חסרון; נור אזא מענש, וואס איז אומשטאנדע צו פאהרען אין אפריקא, דארטען צוזאמען רויבען קינדער אונ נאכהער פערקויפען זיי אויף אייביגע קנעכטשאפט, האבען דער ביי אי ין ציעל צו פערדינען אזוי פיעל דאלערס, אזוי פיעל צענטען... יא דאס איז ערגער פון דעם סאמע טהירישען מארדער, האטש ווען אין טהורמע זאל איהם אויסקומען צו שטארבען, וועל איך איהם אויך נישט לאזען פריי"...

לינקאלנס א פערעהרער דערצאהלט וועגען איהם פאלגענדעס:

„ביי דעם ריעזעגען מאן איז אין צארטליכעס, פרויען־הארץ געווען, פיעלע האבען עס פאר א חסרון גערעכענט. ער האט נישט געקאנט גלייכגילטיג צוקוקען ליידען, איהם האט געעקעלט צו אנטהון ווען עס איז וועה. אין א הייסען טאג, דורך געהנדיג א שאטענדיגע אלעע פון פרעזעסעס הויז צום קריעגס־מיניסטעריום, האב איך אופ'ן גראז אונטער א בוים דערזעהן דעם פרעזעסעס הויכע אונגעשיקטע פיגור. איהם האט באגעגענט אויפ'ן וועג אפערוואונדעטער סאלדאט, האט זיך צו איהם נאך ראטה געווענדעט, ווי צו בעקומען פענסיאן אונ א טהייל פון זיין דיענסטלוין, וואס מען האט איהם נאך ניט אויס געצאהלט. לינקאלן האט זיך אוועק געזעצט אונטער'ן בוים, האט דורך געלעזען אלע דאקומענטען זיינע אונ האט איהם אנגעוויזען וואוהין צו ווענדען זיך וועגען דעם, דער ביי האט ער איהם געגעבען א רעקאמענדאציאנס־בריעף.

פיעל האבען געפונען, אז דער פרעזעס איז צופיעל „צו־געלאזען", זיי איז דאס נישט געפעלען געווען, זיי האבען

געפֿונען, אַז נאָר אַ היבשע צייט פֿאַרנעהמט ביי איהם גאָר אומזאָנסט דאָס אויפֿנעהמען.

ביי לינקאָלנען אָבער איז אויף דעם אויך געווען אַשטריינג בעשטימטע מיינונג, ער האָט געפֿונען, אַז אין אַ פֿרייען לאַנד, ווי אַמעריקא, האָט יעדער די רעכט צו זיין פֿריי צוגעלאָזען צו איהם. אויף אַזוינע טענות פֿלעגט ער ענטפֿער'ן: „איך פֿיהל, אַז די צייט, וואָס איך פֿערשווענד אויף אונמיטטעלבאַרע אויפֿטראַגע מיט די פֿאָרשטעהער פֿון דעם המון ברענגט די גרעסטע נוצטען. מענשען, וואָס דרעהען זיך אַרום אין די אָפֿיציעלע ספֿערען, נעמען זיך אָן סוף־כל־סוף מיט איבעריגע אַמטליכקייט (שררה־שאַפֿט), — אפילו מיט זעלבסט־הערשאַפֿט — און פֿערגעסען, אַז דאָס הערשאַפֿט האָבען זיי נור אויף אַ בעשטימטע צייט, אלס פֿאָרשטעהער פֿון אַנדערע. דאָס טויג גאָר נישט. איך נעהם צו צוויי מאָל אין וואָך אַלעמען, אָהנע אונטער־שיעד, און יעדערער, וועער עס ברויכט צו מיר מיט עפּים, ערוואַרטעט זיין „אָטשערעד", ווי ביי'ן שערער אין קלייט; אמת איז, דאָס עס קומט מיר אוים פֿיעל פלוידעריי אוים צו־הערען, נור אויבעט פֿיעל אַזוינס, וואָס האָט יאָ אוויכטיגקייט, דאָס אין גאַנצען צוזאַמען געקניפּעלט האַלט אויף אין מיין זינ'ן בעשטאַנדיג דאָס פֿאָרשטעלען פֿון יענער גרויסער פֿאָלקס־מאַסע, פֿון וועלכער איך בין אַרוים און ברויך צוריק קעהרען זיך".

אין זיינע רעדען פֿלעגט לינקאָלן שטאַנדיג „אַריין וואַרפֿען" ערקלאָהרונגען דורך ביישפּיעלען און פֿאַבעל'ן (משלים) פֿון פֿאָלקס־לעבען; זיין שפּראַך איז אויסגעפֿערילט געווען מיט פֿער־שיעדענע שפּריכווערטליך, שפּאָס און לעבערליכע מעשה׳ לאַך. און צוליעב דעם מאַניער זיינעס, זענען זיינע רעדען פֿאַר־שטאַנדליך געווען פֿאַר יעדען שטומפּיגען און פֿלעגען אַשטאַרקען איינדרוק מאַכען אויף די מאַסען. אַמאָל איז צו איהם אַפֿער־מער געקומען מיט אַ קלאָג, וואָס די סאָלדאַטען פֿון די פֿערער־אליסטען, אַריבער געהענדיג זיין ישוב, האָבען ביי איהם אָפּערד צוגענומען און היי; ער האָט געפֿאָדערט בעלאָהנונג פֿאַר די היזקות. לינקאָלן האָט איהם אָנגעקוקט, האָט צו־

געשמייכעלט פריינדליך אין געזאָגט: „האָרט זשע, מיין ליעבער העדר, ווען מע זאָל זיך פירנעהמען מיט אַלע אַזינע מעשיות, וועט עס סטאַיען אַרבייט אויף צוואַנציג פּרעזידענטען. איהר האָט מיר דערמאַנט איינעם מיינעם אַ בעקאַנטען פון די אַלטע יאָהרען אין אלליגאָיס. ער האָט געהייסען דשזעק צעם; ניכטערהייט איז ער געווען איינער פון די בעסטע שווימער מיט פליטען איבער מיסיסיפּי. ווען עס זענען די דאַמפּשיפען (פּאַראָחאָדען) געוואָרען, האָט מען איהם פיר הויפּטמאַן (קאַפּיטאַן) געמאַכט, אַריבערגעהענדיג שטראָמקליפּפּענס, פלעגט ער שטענדיג זעלבסט שטעהן אויפען רודער-ראָד. איינמאָהל, אַריבער שווימענדיג אַזוי ווען, די שיף האָט זיך געשליידערט אויף אַלע זייטען אין אַ בייזער שוים, אונ דזשעק אַליין איז געוואָרען אויפמערקזאַמקייט — ציהט איהם עפּיס אַיונגלינג פאַר אַפאַלד אונ שרייט: „הערט, מיסטער הויפּטמאַנן! שטעלט צו דעם דאַמפּשיף אויף אַ ווײַלע! איך האָב אין וואַססער אַראָב געלאָזען איין עפּעל“.

אַ מאָל, אין זיין פריהמאָרגענדיגען אויפנעהמען, האָט לינקאָלנ'ן איינער בעזוכט, וואָס האָט זיך איהם געמעלדעט אַלס זיינער איין איבערגעגעבענער פריינד; איהם נור האָט דער פּרעזועס צו פערדאַנקען פאַר דעם, וואָס ער איז אויסערוואָהלט געווען. אויף דעם „סמך“ האָט ער ביי לינקאָלנ'ן געבעטען אַ שטעל איינע ביי דער רעגיערונגס-דינסט, וואָס איז לעדיג געווען דאַמאָלס — „אַזוי, הייסט עס — האָט לינקאָלן געזאָגט, — זעה איך פאַר זיך יענעם מאַן, וואָס האָט מיר מיין גאַנצען לעבען פערסמט, קיינע שטעלען האָב איך פאַר אייך, זייט אַייך זיכער אין דעם. גוטען טאָג! — זייענדיג אַ שטרייגער פּוריטאַנער אין לעבען אונ געוואָנהייטען (רגילות'ן), פלעגט לינקאָלן אָפּטמאָל חזר'ן פאַר זיינע זיהן אַזא קליין שטיקעל תורה: — טרינק ניט, רייכער ניט, קײַ ניט, *) קריעג זיך ניט, שפּיעל

---

*) ביי די אַמעריקאַנער איז זייער פערשפּרייט געווען אַ געוואָהנהייט צו קײַען טאַבאַק.

ניט, לייגע נישט, ליעב גאָט, מענשען, ליעב דעם אמת, ליעב גוטעס אונ זייו גליקליך".

---

## X.

## לינָקאלְנְס טויט.

אין אָנפאַנג 1864 יאָהר האָט די מעגגע חיל פון צפון, מעהר, ווי אַ האַלב מיליאָן מאָנער, אַוועק געצויגען זיך צו ווירגיניע צו, מיט זייער נייעם אָבערפעלדהערר, וואָס לינקאָלן האָט בעשטימט, גענעראַל גראַנט. פריהער פון דעם האָט זיך גערעקרוטירט איבער אַ נייס פינף הונדערט טויזענד מאַן; וואהרשיינליך, האָבען די צפונ'ער נאָך איין אונגעהייער אַנשטרענגונג געמאַכט צו אונטערדריקקען גיעכער דעם דרום.

נאָכדעם האָט זיך די מלחמה געצויגען נאָך מעהר ווי אַ יאָהר אונ האָט זיך פערענדיגט מיט אַרייהע בלוטיגע געשלאָג, וועלכע זענען איבער הויפט געווען צוליעב דעם צוועק, צו בעקומען צוריק ביי די דרומער די פערנומענע ווירגינער שטאָדט — ריצמאָנד אונ געטעבורג. איין ענדליכער זיעג האָט בעקראַנצט די אַלע אָנשטרענגונגען פון די צפונ'ער נור אין פאָלגענדען יאָהר, אין מאַרץ. דען 9-טען אפריל 1865 יאָהר, אין אַפּאָמאַטאָקס גאָיז, האָט זיך נאָהינט פון ריצמאָנד אַרונטער געגעבען דער אָבערפעלדהערר פון די דרומ'ער, דער גענעראַל לי, מיט'ן לעצטען רעשט פון זיין אַרמעע, אַכט-אונ-צוואַנציג-טויזענד מאַן. מיט דעם זיעג האָט זיך ווירקליך געענדיגט די שרעקליכע מלחמה; באַלד נאָכדעם האָבען די איבעריגע טהיילען פון דער אַרמעע ביי די קאָנדערפאַראַטען אויך אַוועק געלעגט זייער געוועהר. דער לעצטער זיעג האָט זייער טהייער געקאָסט;

עס איז ניט ווייניגער פֿון צעהן טויזענד מאַן געפֿאַלען, געהרג'עט און פֿערוואונדעטע.

אויף מאָרגען, אַז מען האָט איינגענומען ריטשמאָנד, איז לינקאָלן, וואָס האָט זיך דאַמאָלס געפֿונען אין דער טהעאַטער־אַרמעע, געקומען צו פֿאָהרען אין דער „איינגענומענער“ שטאָדט. נור דאָס איז ניט עהנליך געווען אויף אַ פֿייערליכען אריינפֿאָהר, אַלס זיעגער; מיט איהם איז נור זיין קליינער זוהן געווען און זיין סוויטע איז נור פֿון איניגע זעעליים בעשטאַנען. נור די סצענעס, וועלכע ער האָט דערזעהן אין דער איינגענומענער שטאָדט, די הויפּט פֿעסטונג פֿון די דרומס'ליים, האָבען געמוזט האָטש עטוואָס לינדער מאַכען די שרעקליכע איינדרוקע פֿון דער ברודער־מאָרדישער מלחמה, וואָס האָט אויף שטיקער געריסען דאָס ליעבענדע האַרץ ביי דיעזען מאַן; די סצענעס האָבען איהם פֿאַר די אויגען געצייגט, אַז ניט אומזאָנסט זענען טייכען מענשען־בלוט פֿערגאָסען. דאָ האָט לינקאָלן אַם ערשטען דערזעהן אויך די גוטע רעזולטאַטען פֿון דער מלחמה און די פֿרייד און גליק, וואָס איז גאָר ניט צו בעשרייבען, וואָס דאָס שקלאַפֿען־פֿער־ניכטונג האָט מיט געבראַכט.

ווי ער איז נור אין שטאָדט אריין געפֿאָהרען, האָבען איהם אַרום געריננעלט מענגעס בעפֿרייטע נעגרען מיט געשרייען פֿאַר ענטציקונג. ווי צוקוקער בעשרייבען, איז די סצענע געווען זעהר אַ ריהרענדע. די אָרעמע, די געשלאָגענע ברואים האָבען יעצט פֿערפֿול ערקאָנט און געפֿיהלט, אַז זיי זענען פֿרייע, אַז זייערע בעדריקער זענען בעזיעגט און זיי האָבען זייער פֿרייד אַרויס געדריקט, ווי קינדער, מיט די גאַנצע ליידענשאַפֿט פֿון זייער דרומ'ע ראַסע. זיי האָבען זיך געפֿרייט, געיאָמערט, געשריגען: „אשבה, אשבה צו גאָט!“ און האָבען זיך מענגעס גאַנצע נעקליבען אַרום לינקאָלנ'ן; מען האָט געשריגען: — „אוראַ! אוראַ! דער פּרעזעס לינקום איז געקומען!“. איין אַלטיטשקע נעגערין איז געשטאַנען אויפ'ן שוועל פֿון איהר שטיבעל, די הענט געפֿלאָכטען, ווי ביי אַ תּפֿלה, און האָט

מיט התפעלות פון רעליגיאָזישע ענטציקונג געשריגען: „איך ברענג דיר, אָה גאָטט, מיין שבח פאַר דעם, וואָס דו האָסט מיר באַשערט צו אָנקוקען דעם פרעזעס לינקום!" איין אַלטינקער נעגער האָט אויס געטהון זיין הוט אונ האָט געבעטען גאָטס ברכה איף דעם „מאַסע לינקום".

נאָך דעם אַז ריצמאָנד איז געפאַלען, האָט זיך דזשעפפערסאָן דעווים, דער געוועזענער פרעזעס ביי די קאָנפעדעראַטען, בעהאַלטען אין די שטאַאטען פון דרום, שפּעטער שוין האָט מען איהם אַרעסטירט צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע עלצטע פון די דרומ׳ער; דער אַרעסט איז אָבער נישט אויף לאַנג געווען, לינקאָלן האָט אַזוי בעגערט שלום, בערוהיגען דאָס לאַנד, וואָס גיכער זאָל זיך „פערגעסען די אַלטע מחלוקת", דאָס ער איזווירקליך זעהר צופריעדען געווען מיט דעוויסעס ענטלויפען. מען דער צאָהלט אַ שפּאַס — וואָס ער האָט געענטפערט, בעת דער גענעראַל לי האָט זיך אונטערגעגעבען. מען האָט איהם געפרעגט: — וואָס קלעהרט ער טהוען מיט דעוויסען?"

— „עס איז געווען אין שפּרינגפילד אַ יונגעל, ער האָט אָנגעקליבען געלד אונ געקויפט אַ שופּפען (יענאָט). אין אַ צייט אַרום האָט איהם דאָס חיה׳לע דערעסען אונ ער האָט ניט געוואוסט וואָס מען טהוט. געהט ער זיך אַ מאָהל איבערן גאַס, אַבוועקדיגענד זיך פון דער באָזער באַשעפעניש, וואָס האָט איהם זיינע קליידער צעררִיסען: אַ צופיינינגטער אין גאַנצען, האָט ער זיך געשטעלט אויף אַפּאָסטען. אַ פאַרבייגעהער האָט אויפמערקזאַמם געמאַכט אויף זיין צופּיצעלטען קאָסטום אונ האָט איהם געפרעגט: וואָס איז דאָ אַזוינס? — „אַה, פון דעם שופּפען האָב איך גרויסע צרות"... — „איז וואָסזשע האַלטסטו זיך מיט איהם? — האָט דער פאַרבייגעהער געפרעגט. — „ש ש ש, שטילער, האָט דאָס יונגעל אַרוים גערעדט: — „איהר זעהט דען ניט, אַז ער צו בייסט דאָס שטריקעל? איך וועל איהם ניט שטערען, אין דער היים וועל איך זאָגען, אַז ער איז פון מיר ענטלאָפען".

אין 1864 יאָהר, ווען די מלחמה איז אין רעכטען פייער געווען, איז געקומען דער טערמין פון צו אויסערוואָהלען אַ נייען פּרעזידענט; ניט קוקענדיג, וואָס די דרומס־לייט האָבען זיך פיעל אָנגעשטרענגט צו צוריקקעהרען זייער פריהערדיגע הערשאַפט אין קאָנגרעס, איז קלאָהר געווען, אַז דאָס פאָלק וועט ווידער אויסערוואָהלען לינקאָל'ן.

אין אַזיצונג פון דער באַלטימאָרער קאָנווענט, וואָס האָט לינקאָל'ן אַלס קאַנדידאַט בעשטימט, האָט ער די פאָרשטעהער פון דער ליגע „נאַציאָנעלער־בונד" געענטפערט מיט אַרעדע, וועלכע צייגט ווי אונבעקוועם איז צו אומבייטען יעצט אין דער מלחמה דעם פּרעזעס. מערקווערדיג איז איין שטעל פון דער רעדע, נעמליך, די וואָרטער ווענען „איבערשפּאַנען פערד ביי'ן אריבער געהן אַ טייך", וועלכע זענען אַריין אין דער שפּראַך אַלס אַ שפּריכוואָרט. ער האָט אַזוי געזאָגט: „ענדליך קאָן איך עס ניט רעכנען, אַז דער קאָנווענט צו דער ליגע זאָל צו אַזא שלוס קומען, אַז איך בין דער גראָסטער אָבער דער בעסטער מאַן אין אַמעריקע; נור איך קלעהר, אַז זיי וועלען געפינען פאַר אונפערשטאַנדיג צו איבער שפּאַנען פערד אין דער צייט, ווען מען שווימט איבער דעם טייך, פאַר אַזא שלעכטען פערד רעכנען זיי מיך ניט, אַז דאָס איבער שפּאַנען זאָל שוין גאָר קיין היזק ניט מאַכען.

מע קאָן זיך פאָרשטעלען מיט וואָס פאַר איין ענטציקענדע ליעבע די נעגרען די שקלאַפען אין גאַנץ אַמעריקע האָבען בעהאַנדעלט זייער פערטהיידיגער. מען פערצאָהלט, אַז אין 1864 יאָהר, אין דעם טאָג פון נייען יאָהר האָבען מענגעס נעגרען אַרום געקרייזט דאָס ווייסע הויז — „זיי האָבען ערוואַרטעט זייער וואָהלטהאָטער, וועלכען זיי האָבען פערגאָטערט, ווי איין איבער־נאַטירליכעס וועזען". שפּעטער, אַז די מעהר דרייסטע פון זיי זענען אַריין אינעווייניג אין הויז אונ האָבען דערזעהן, אַז די טהירען זענען אָפּפען גלייך פאַר די ווייסע, ווי פאַר די שוואַרצע, זענען זיי אַזוי ענטציקט געוואָרען אונ פערוואונדערט,

אז מען קאָן עס גאָר ניט אָבשילדערן. איינער, וואָס האָט זיך אין דעם נעגענוואַרט געפונען, ווען זיי האָבען זיך געוויזען אין דעם אויפנאַהמע-צימער, דערצעהלט: „גאַנצע צוויי שעה נאָך אַנאַנד האָט לינקאָלן בעדאַרפט דריקען הענט פון די ווייסע בעזוכער זיינע, דאָס האָט איהם שרעקליך פערמאַטערט, נור אַז עס האָט זיך געוויזען די מענגע שוואַרצע, האָט ער אָבגעלעבט, ער האָט זיי הערצליך באַגעגנעט, אַז זיי זענען ענטציקט געוואָרען. זיי האָבען געלאַכט און געוויינט, און דורך טרעהר'ן געשריגען: „זאָל איך גאָט בענשען! זאָל גאָט בענשען אַבראַאַם לינקאָלנ'ן! זאָל גאָט בענשען מאַסע לינקון!"

דען 4-טען מאַרץ 1865 יאָהר, האָט אַבראַאַם לינקאָלנ'ן, דאָס צווייטע מאָל פערטראָטען די שטעלע פון פרעזידענט, די מלחמה האָט זיך נאָך ניט געענדיגט, נור עס איז שוין געווען צו באַמערקען צייכען, אַז עס איז שוין נאָהנט צו שלום. אויסערוואָהלט האָט מען איהם מיט אַזא גרויסען רוב שטימען, וואָס ביז דאַמאָלס האָט עס קיין פרעזידענט נאָך ניט בעקומען. אין זיין רעדע אויף קאָנגרעס דען 11-טען אַפּריל, אין צוויי טאָג אַרום נאָך דעם, אַז דער גענעראַל לי האָט זיך אונטערגעגעבען, האָט ער אַרויס געזאָגט זיין וואונש, אַז מיט די שטאַאטען, וואָס האָבען זיך אָבגעטהיילט פון בונד, זאָל זיך די רעגירונג מיט חסד בעגעהן, זאָל וואָס גיכער שוין ווידער הערשען צווישען זיך די גוטע געפיהלען. עס איז קלאָהר, אַז דער פרעזידענט האָט ערוואַרטעט באַלד אַ נייע צייט, מעהר אַ גליקליכע פיר זיין פאָטערלאַנד.

נור אין דער זעלבער צייט איז געשעהן איין שרעקליכע זאַך: מען האָט געטייט דעם פרעזידענט לינקאָלן. נאָך בעת דער מלחמה פלעגט דער פרעזעס און די מיטגליעדער זיינע אין דער רעגירונג אָפט בעקומען בריעף פול מיט שטראַשונגען אַלץ פון בעזאָנדערע לייטע, וואָס האָבען געהערט צו דער דרומ'ער פאַרטיי, און כל-זמן די מלחמה האָט געדויערט, איז זייער לעבען בעשטאַנדיג אין געפאַהר געווען. לינקאָלן איז שוין אַזוי געוואָהנט געוואָרען צו אַזעלכע בריעף, דאָס ער האָט שוין אויף זיי אָנגעפאַנגען צו קוקען, ווי

אויף אַ געוויסען טהייל פון זיין שטאַנדיגער קאָרעספּאָנדענץ. נור די מלחמה איז דאָך שוין יעצט צו ענדע געקומען, דרום שטרעקט אויס זיינע האַנד אויף שלום, אַללע שרעקען בּרויכען יעצט צו פערשווינדען, דאָך אַנדערע פון גאָר די טיעפע אַנהענגער פון דער דרומ׳ס פּאַרטיי האָבען נישט געקאָנט ביי זיך פּועל׳ן דעם נצחון פון די צפון׳ער; צאָרען און ראַכע האָבען געזאָטען אין זייער בּרוסט צו דעם, וועמען עס האָט געלונגען זייערע מחשבות צערשטערען; ענדליך האָט אויסגעבּראָכען אַ געהייטער בּעשלוס צו טוידען לינקאָלנ׳ן.

דער 14־טען אַפּריל — דער טאָג, ווען עס איז געפאַלען סאָמטער אין אָנפאַנג מלחמה — איז געווען פערקונדיגט אַלס נאַציאָנאַלער פייערטאָג, און אין וואַשינגטאָן, צווישען אַנדערע אַלגעמיינע פערגניגענהייטען, איז אויך בּעשטימט געווען אויף אָבּענד אַ ספּעקטאַקל אין טהעאַטער פאָרדאַ, וואו עס האָבען געבּרויכט צו זיין אויך לינקאָלן און אַנדערע בּעוואוסטע לייט.

אָבּענד. דער טהעאַטער האָט זיך געבּראָכען פון פּובּליקום. אין לאָזשע איז געזעס׳ן דער פּרעזידענט לינקאָלן, זיין געזינד און איינינע פריינד. דאָס פּובּליקום האָט איהם מיט געשריי און ענטציקונג בּעגריסט, דער פאָרהאַנג האָט זיך אויף געהויבּען, דאָס פּובּליקום איז שטיל געבּליעבּען און האָט זיין אייפערקזאַמקייט געקאָנצענטרירט אויף דער סצענע, אַזוי איז אַ שעה אַוועק. אין דער צייט האָט זיך אַריין גע׳גנב׳ט צום פּרעזידענט אין לאָזשע איינער מיט דעם נאָמען דזשאָן ווילקס בּוט, לויט זיין פּראָפעסיאָן אַ שוישפּיעלער (אַקטיאָר), אַ פאַנאַטישער אַנהענגער פון דער דרומ׳דיגער פּאַרטיי, און האָט זיך גע־שטעלט הינטער זיין לעהנשטוהל. פּלוצלינג — אַ שאָס. לינקאָלן איז געפאַלען מיט איין ערשאָסענעם קאָפּף, דאָס פּובּליקום איז צומישט, ערשטוינט געוואָרען, מען פערשטעהט גאָר נישט; נור פון דער ערשטוינונג פיהרט זיי בּאַלד אַרויס דער מאָרדער זעלבּסט מיט איין אויסגעשריי: „אַזוי זאָלען פערניכטעט ווערען אַללע טיראַנען, דרום האָט זיין ראַכע גענומען" — איז ער איז אַריבּער געשפּרונגען דעם בּאַריער פון לאָזשע אויפען

סצענע אונ איז אין טהיר פֿערשוואונדען, פֿאָכֿענדיג מיט'ן קינשואַל.

עס איז שווער צו שילדערן די פֿערצווייפֿלונג אונ שרעק, וואָס דאָס פובליקום האָט דערפֿיהלט, ערוויסענדיג זיך, אז לינקאָלן האָט אָנגעוואָרען זיינע געפֿיהלען אונ אַז קיינע האָפֿנונג איז דאָ. די אויפֿרעגונג איז גראָסער געוואָרען, אַרויסגעהענדיג פֿון טהעאַטער אויף דער גאַס, וואו עס האָט זיך צערלאָזט אַ צווייטע נאַכֿריכֿט, אַז דער רעגיערונגס סעקרעטאר סיואַרד, לינקאָלנ'ס אנאָהענטער מיט-ארבייטער, איז אויך בעפֿאלען געוועזען פֿון אַ מערדער, פעין פאוועל, אונ, אַ פֿערוואונדעטער פֿון קינשואַל, ליעגט ער אַ קראַנקער ביי זיך אין דער היים.

זאָרג אונ פֿערצווייפֿלונג האָט אָנגעחאַפּט אַלע וואַשינג-טאָנער איינוואהנער אין יענער נאַכֿט; צו דעם האָבען זיך נאָך צוטראָגען אנגסטליכֿע נייעסען, אַז די אַללע אַנדערע רעגיערונגס-גליעדער זענען ערמאָרדערט, אַז די מרידה אין דרום האָט זיך איבערנייעס אָנגעפֿאַנגען. אין דער פֿריה האָבען די איינוואהנער פֿון דער הויפּט-שטאָדט האָבען בעקומען נאָר אַ שרעקליכֿע נאַכֿריכֿט: אין דער פֿריה דעם 15-טען אַפּריל 1865 יאָהר איז אַבראַאַם לינקאָלן געשטאָרבען.

דער פּלאַן צו ערמאָרדען לינקאָלנ'ן איז פינקטליך נאָך געוועזען בעריט פֿון פֿריהער. נעבען טהעאַטער האָט אויפֿ'ן מאָרדער בוטע געוואַרט אַ פֿערד, אויף וועלכֿען ער איז אַרויף געשפּרונגען, ניט קוקענדיג אויף די קלאָפּ, וואָס ער האָט בעקומען, שפּרינגענדיג אויפֿ'ן סצענע, אונ איז ער פֿערשווינדען. איהם האָט פֿערפֿאָלגט אַ הייסע נאָכֿיאָגען; נור דאָך האָט געלונגען ערשט אין אייניגע טאָג ארום צו ענטדעקען איהם אין אַ פֿערמע אין דרומ'ס מערילאַנד. די סאָלדאַטען האָבען אַרום געקרייזט דעם שייער, אונ נאָכֿדעם, אַז ער האָט זיך ענטזאָגט צו אונטערגעבען זיך, האָט מען די געבידע אָנגעצונדען אונ איהם געשאָסען. אייניגע קאַמעראַדען זיינע זענען גיעך אַרעסטירט געוועזען; פֿיער פֿון זיי זענען ענדליך געהאָנגען געוועזען. באַלד האָט זיך ענטדעקט, אַז אויסער לינקאָלנ'ן האָבען זיי טאַקע ווירקליך ברעה געהאַט צו טודען אַלע איבעריגע

מיטגליעדער פון קאַבינעט. פון די פּאַפּיערען, וואָס מען האָט געפונען ביי בוטען אין טשעטעראַן, האָט זיך ענטדעקט, אַז לינקאָלנ'ן צו ערמאָרדען האָט מען במחשבה געהאַט נאָך פאַר'ן פאַלען דעם גענעראַלים לי'ס חיל; עס האָט נישט אויסגעהאַלטען דער פּאַר, ווייל אַנדערע אַנטהיילנעהמער בוטס האָבען זיך ענטזאָגט צו ערפילען עס ביז מע וועט בעקומען ענדליכע אָנווייזונג (אינסטרוקציא) פון ריטשמאָנד, וואו עס האָט זיך געפונען דער רעגיערונגס-מיטעלפונקט פון די קאָנפעדעראַטען.

פיל וועה און קלאָג איז דאָס לאַנד יעצט געוואָרען, און קיין אָהנליכעס, ווי עס שרייבט איינער פון לינקאָלנס לעבענס-בעשרייבער, איז נישט אויס געקומען צו זעהן. „אומעדום איז געווען אַ חשך, פערצווייפלונג און טרויער. מאַנזבילען האָבען אָפענטליך אין די גאַסען געקלאָגט; פרויען האָבען געשלוכצעט, שמעהענדיג מיט די קינדער אויף די שוועלען פון די הייזער. און בעקאַנטע פלעגען זיך אויף דער גאַס צוזשטעלען, אָנפאַנגען רעדען, איבער רייסענדיג זייערע שמועס'ן מיט'ן וויינען. איך האָב קיינמאָל ניט געזעהן איין אָהנליכעס פון ערינסטען מענשען-אַנגסט. איין אונגעהייערע מענגע האָט זיך בעוועגט איבער די גאַסען אין פילאַדעלפיע, פערשטומפּיגט, פערשטיינערט, ניט וויסענדיג וואָס און ווי צו טהון פאַר וועה, אַלע האָבען גע-פילהט דעם גרויסען „בראָך". אָבענדצייט איז שוין די גאַנצע נאַציע אין טרויער געווען.

נור ערגיץ האָט דאָס פערצווייפלונג און וועה ניט געשטיינט אַזוי, ווי צווישען די בעפרייטע נעגרען: פאַר זיי האָט דאָך אברהאם לינקאָלן זיין לעבען געאָפּפערט! זיי זענען פולל געווען אין די גאַססען און האָבען פערהילכט אַלעם מיט זייער יאָמער'ן; זייער צער האָט זעהר לאַנג איבער געלעבט דעם פרעזידענט'ס טוידט.

דער צער, וואָס לינקאָלנס טוידט האָט מיט געבראַכט האָט זיך ניט באַגרענצט נור מיט די פעראייניגטע שטאַאטען: אַלע געבילדעטע לאַנדער האָבען זיך פעראייניגט אין דעם אַלגעמיינעם אויסדריקען מיטגעפיהל און מיטלייד איבער דעם

טוידט, אללע האָבען אנערקאַנט, אז דער טוידט פון אזא מאַן, ווי אַבראַאם לינקאָלן — איז אַ היזק פיר דער גאַנצער וועלט, און דאָס ווערט נאָך איהם איז איין אַלגעמיינער.

פיעלע פריינד זיינע האָבען געפאָדערט, דאָס מען זאָל איהם מקבר זיין אין וואַשינגטאָן; נור דער שטאַאט אילינאָיס האָט אַרויס געציינגט זיינע זיבערע רעכטע אויף דעם, אז דער בעסטער בירגער זיינער זאָל בעגראָבען ווערען אויף זיין ערד, און מען האָט עס איהם נאָכגעגעבען.

נאָך דעם, ווי מען האָט אין וואַשינגטאָן, איהם „אֵל־מלא־רחמים” געמאַכט און דאָס גאַנצע לאַנד האָט טרויער געהאַלטען דעם טאָג, האָט מען דעם אָרון אויף דעם וואַגאָן אַרויף געלעגט, און אָבגעפיהרט קיין אילינאָיס.

דאָ, אין ספרינגפיעלד, וואו זיינע בעסטע יאהרען זענען אדורך, וואו ער האָט זיין געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייט אָנגע־הויבען, רוהט צווישען גוטע פריינד און בעקאַנטע דער גוטער פרעזידענט.

